## ווענען אונמעגליכע מעגליכקייטען.

אלץ איז מעגליך דא ביי אונז אויף דער איסט־סייד, זאגט פאמפאדור.

ווייסטו מיין פריינד פון עפעס וואס דא איז אונמעגליך?

אונמעגליכקייט — דאס איז דער הויכער בארג פון פאעזיע וואס גרייכט אין די וואלקענס.

אונמעגליכקייט — דאס איז דער געהיימער נשמה־ציטער פאר דאס אונבעגרענצטע, פאר דאס אונבעקאנטע.

אונמעגליכקייט — דאס איז די אריסטאקראטיע פון גייסט.

און צו וואס דארף מען עס אין דיעזען לאנד פון מעגליכקייטען?

מעגליכקייט — דאס איז די דעמאקראטיע פון געפיהלען.

מעגליכקייט — דאס איז דער קייזער־טראהן פאר חוצפה און עם־הארצות.

מעגליכקייט — דאס איז די אלטענליכע קרוינונג פון טאלאנטלאזיגקייט.

מעגליכקייט — דאס איז „די פאלקס־שטימע" פון אונזערע צייטונגען.

און ווארום זאל דא טאקע ניט זיין אלץ מעגליך, מיין פריינד?

איסט־סייד, איך הויב פאר דיר מיין אלטען פערשווארצטען זומער־הוט! נאר ביי דיר איז מעגליך, אז דער יעניגער וואס האט נעכטען געשניטען וואארע מיט א שעהר אין שאפ, זאל מארגען שניידען מאנוסקריפטען אין א רעדאקציע!

נאר ביי דיר איז מעגליך, אז א בייטש־אויפהייבער און פערד

ערמוטהיגער פון היינט — זאָל זיין א כלל־טהוער, טאָן־געבער און פאָלקס־פיהרער פון מאָרגען. נאָר ביי דיר איז מעגליך, אַז יעדער שטיוועל־פוצער זאָל זיין אַ קריטיקער און יעדער ארבעס־פערקויפער — א פּאָליטיקער!

איך זאָג, אַז אומזיסט האָט גאָט דעם מענשענ'ס קאָפּ בעציערט מיט א מארך און טאַלאַנט — ווער דאַרף עס דאָ?

מאַך אַלץ מעגליך, מיין פריינד, און דו וועסט האָבען ער־פאָלג!

האָב קיין מורא ניט פאר די קליין־קעפּיגע מענשלאַך וואָס שרייען: „אַז יעדער מוז פערנעהמען זיין פּלאַץ, אַז טאַלאַנט איז א געטליכער געשאַנק און ניט יעדער קען עס בעזיצען, און אַז אַב־טען מוז מען גאָר דעם וואָס בעזיצט עס", — לאַך פון זיי!

רוק דיך איבעראַל און דו וועסט אנערקענט ווערען איבע־ראַל!

שליס די אויגען און מאַך דעם דאָלאַר פאַר דיין פיהרער, וואָ־רום נאָר ער איז דער גאָט פון אנערקענונג און פון אלע מעגליכע מעגליכקייטען.

מאַך מעגליך דאָס אומעגליכע, און דו וועסט מעגליך מאַ־כען דעם קומען פון דעם נייעם מענשען.

אזוי האָט גערעדט פּאַמפּאַדור.

## וועגען אנערקענען זיך אליין.

פריהער פון אַלץ, פריינד מיינער, אנערקען זיך אליין, זאָגט פּאַמפּאַדור.

אנערקענען זיך אליין — הייסט דורכשניידען זיך אליין אַ וועג אין לעבען.

אנערקענען זיך אליין — הייסט עפענען פאר זיך אליין ברייט און שטאָלץ די פערשלאָסענע טהיר פון ערפאָלג.

וועה צו דעם וואָס האָט מורא זיך אליין צו אנערקענען, וואָס ציטערט פאַר זעלבסט־איבערשאַצונג, ווי אַן אָרימאַן פאַר איבערשטאָפּונג.

שאַץ דיך אַפּריהער אַליין אָפּ, מיין פריינד, בעשטים פריהער אַליין דיין ווערטה, קלעפּ אָן פריהער אַליין דעם יאַרליק פון דיין עהרע, דעם ליבעל פון דיין טאַלאַנט און אַנדערע וועלען עס דיר אויך נאָכטהאָן.

איך האָב ליעב די שטאָלצע און די מוטהיגע!

וואָס איז אַ צווייטענס שלעכטע מיינונג, ווען זי געהט נאָר געגען דיין גוטער מיינונג? אויב ניט מעהר ווי אַ שפּיי אין אָרעםטאַנט!

וואָס איז פרעמדע ניט אַנערקענונג, אויב זי געהט נאָר געגען דיין זעלבסט־אַנערקענונג אויב ניט מעהר ווי אַ קנעפּעל פון אַ צעריסענע העמד, אין אַ וואַש־הויז!

פּאָמפּאַדור קען פּיעלע לייטע, כלל־טהוער, פּאָליטיקער, שרייבער, פּרעדיגער, לעקטשורער און רעדעל־פיהרער וואָס האָבען געהאַט געגנוג שכל זיך אַליין צו אַנערקענען, און זיי שפּיעלען אַ ראָליע ביי אונז און פייפען אויף פּרינציפּען, עהרליכקייט, טאַלאַנט און יושר.

ווילסטו ווערען אַ לעקטשורער? אַנערקען פריהער אַז דו ביזט אַ לעקטשורער — און דו ווערסט עס!

ווילסטו ווערען אַ כלל־טהוער, אַ דעה־זאָגער? זאָג אַז דו ביזט עס — און דו ווערסט עס!

טאַלאַנט איז אַ שפּיעל פאַר גרינגע פון יענער זייט ים.

ריכטיגע אָבשאַצונג — איז אַ נאַרישע געוואוינהייט פון בלינדע צוויי פיסיגע, וואָס זעהן ניט די שעהנקייט פון דעם דאָלאַר.

איך האָב ליעב די איסט־סייד — ווייל זי גענאָסעוועט און כלל־ישראל׳עוועט מיט מענשען, אייגענע בייבעל־קלאַפּער און תורה אויפרופער.

איהר רופט זיי דעמאַגאָגען — גאַראָנים וואָס איהר זייט!—

העלדען זיינען זיי, קעמפפער! — וואס טרעטען זיך אליין אוים א וועג צום צוקונפטס־מענש.

געה אליין און דו וועסט דערגרייכען א סך!

אזוי האט גערעדט פאמפאדור.

ווענען ימים־טובים און עסען.

דער גרעסטער יום־טוב אין אמעריקא איז דאס עסען — זאגט פאמפאדור.

עס — און דו וועסט געניסען פון עונג יום־טוב!

שוטים זיינען געווען די גרינדער פון רעליגיאנען, וואס האבען גאנצע וועגען מיט געזעצע געשריעבען פאר ימים טובים. —

די בעסטע גאראנטי פאר די אויספיהרבארקייט פון א יום־טוב איז דער מאגען!

פון דעם יום־טוב פון עסען האלט יעדער איינער!

שיק דיין בליק איבער דער איסט־סייד, זעה ווי שעהן און טריי מען האלט דא ימים־טובים!

אנטינאציאנאליסטען, מארקסיסטען, אנארכיסטען, טעמע־ניסטען, אינטערנאציאנאליסטען און טאגעבלאט'טיסטען — אלע, אלע זיינען מקיים די מצוה פון עסען!

א וואויל לאנד איז אמעריקא:

קיין מלחמה פון עלטערען מיט קינדער ביי'ן טיש.

פרעג דעם קצב און דעם קרעמער און זיי וועלען דיר ענטדע־קען דעם סוד פון ערהאלטונג פון דאס יודענטהום אין גלות.

פאמפאדור האלט זעהר פיעל פון עסען!

אזוי האט גערעדט פאמפאדור.

ווענען סעמעטערי און לעבען.

לעבען איז דא שלעכט, זאגט פאמפאדור.

לעבען לאזט מען דיך דא אויפ'ן עקסידענטס־בעראטת.

אבער שטארבען — דערפאר שטארבען איז דא א חיות.
קיין לאנד אויף דער וועלט גיט ניט איהרע איינוואוינער אזעל־
כע גוטע קאנדיציאנען צו שטארבען.
דאס גאנצע אמעריקאניש־אידישעס אימיגראנטען לעבען—
איז איין גרויסע סעמעטערי.
אונזער גאנצער קהל'שער טומלען זיך איז איין ריזיגע שטיק
„קרקע".
ברייטהערציג זיינען דא אונזערע אידעלעך.
יעדער איז אימער גרייט דיך צו בעגראבען, צו אויסזוכען פאר
דיר א שטיקעל פלאץ און בעזארגען דיין לעבלאזען קערפער.
אוי די קרקע־גוטסקייט און די סעמעטערי־ברייטוויליגקייט
נוי זי ווארימט מיין נשמה!
יעדע סאסייעטי האט דא קרקע און קריעגט זיך פאר קרקע.
יעדער מעמבער־מענש האט דא קרקע און קריגט זיך פאר
קרקע.
דאס קראנקען־בענעפיט — דאס איז בלויז דער אריינגאנג
צום סעמעטערי.
די אינשורענס־פאליסים — דאס זיינען בלויז די אנזאגער פון
בית־עולם־גליק.
די אמבולאנסען און די האספיטעלער, דאס זיינען בלויז די
שדכנים און צוזאמענברענגער פון קרקע־ליעבע.
די פעראיין־דאקטוירים — דאס זיינען בלויז די לאקייען ביי
דער פרינצעסין סעמעטערי.
אוי דאס שטארבען, ווי גוט עס איז איינגעארדענט דא.
אוואו איז אונזער לעבען? פרעגט פאמפאדור.
דאס לעבען אויסער דער סעמעטערי?
די בלוט־אינטערעסען אויסער די טויט־אינטערעסען?
זאגט מיר, פריינד מיינע, וואס האט איהר געטהאן מיט'ן
לעבען דא?
ביליג! ביליג! רופט דא יעדע סעמעטערי ביזנעס!
אידעלאך! קרקע ביליג און גוט פאר א מציאה! קויפט
פלאטס, קויפט!

און דער מסחר מיט סעמעטערי וואקסט, בליהט און שטעהט שוין ביי יעצטיגען טאָג פיעל בעסער ווי די הערינג ביזנעס און קלאָדהינג־ביזנעס...

אוי די ביזנעס מיט׳ן טויט, ווי ס׳וואַרימט מיין נשמה! דאָס גאַנצע לאָדזשען, קאָנגרעגיישאַן, חברות און סאָסייעטי לעבען איז א מסחר מיט צוקינפטיגע טויטע מעמבערס. פּלאַטס, לאָטס בעסערע און נאָך בעסערע סעקשאָנס — דאָס איז די אויביגע טהעטיגקייט פון אונזערע אימיגראַנטען. יעדע סאָסייעטי קויפט פּלאַטס און וואַרט ביז זיי וועלען שטייגען אין זייער טויטען־ווערטה.

וואָס גרעסער דער לאָדזש און די קאָנגרעגיישאַן אַלץ גרעסער איז איהר סעמעטערי.

נעהמט אוועק די דיסקוסיאָנען און מחלוקת וועגען סעמעטערי, מצבות און אינשורענס פון אונזערע לאָדזשען און סאָסייעטי מיטינגען, און עס בלייבט גאָר נישט מיט גאָר נישט...

תלמידים! לעבט ווייט פון דער איסט־סייד, פּעראַכטעט זי, גאָר שטאַרבען קומט אהער.

דאָ איז דער בעסטער פּלאַץ צו שטאַרבען.
אזוי האָט גערעדט פּאַמפּאַדור.

וועגען מאַרשירען אין די גאַסען און תכלית.

און פּאַמפּאַדור איז ארוים אויף דער איסט־סייד דעם טאָג פון ערשטען מאי און ער האָט זיך א פערטרויטער צווישען די מאַסען געשטעלט און ער האָט געזעהן: —

לאַנגע טונקעלע גאַסען און איבער די גאַסען ציהען זיך מיידלאַך פון פערשיעדענע עלטערס, זיי ציהען זיך מיט קעפּ פעררייסענע מיט אויגען פינקעלדיגע מיט הענט שטאָלץ געהויבענע און אין די הענט ב א נ ק ־ ב י כ ל א ך.

און איבער זייערע קעפּ שוועבט דער תכלית און פון זייערע אויגען גלאָצט ארויס דער תכלית און אלע זייערע בעוועגונגען

רעדען: „נעהמט אונז ארויס פון שאפ"...

און די באנק־ביכלאך אין זייערע הענט בעווענען זיך ווי לע־בעדיגע וועזענס, טאנצען אנקעגען דער פריהלינג־זון און פלאפלען פון צ י פ ע ר ע ן...

און א הילכיגע שטימע האט זיך צו פאמפאדור׳ס אויערען דערטראגען:

בחורים פון „טענעמענטס!" קומט נעהמט אונזערע באנק־ביכלאך...

בחורים פון „טענעמענטס!" מיר לעכצען נאך רוה...

און די מארשירענדע מאסען האבען געענטפערט מיט א שטור־רעמדיגען געשריי — הורא פאר די באנק־ביכלאך, הורא!...

און פאמפאדור האט גארנישט געזאגט און איז אוועק א טרויעריגער אהיים.

וועגען יובילעאום׳ס און יובילארען.

און די תלמידים האבען איינמאל געטראפען פאמפאדורען, ערהאלטענדיג אן איינלאדונג צו פייערען א יובילעאום פון א בעריהמטען שריפטשטעלער. און די תלמידים האבען געפרעגט פאמפאדור׳ן, וועט ווען ער שוין אויך זיין א יובילאר?

און פאמפאדור האט א שמייכעל געטהאן און אזוי געזאגט:

תלמידים! איך וויל נאך לעבען! און וואס איז א יובילעאום קאמיטע, אויב ניט א חברה קדישה? און וואס איז א יובילאר אויב ניט א בר מנן אין שווארצען?

פאמפאדור האלט ניט פון יובילעאומס, ניט פון פינף און צוואנציג יעהרליכע, און ניט פון פופציג יעהרליכע.

פייערען א יובילעאום — הייסט, מאכען א סך הכל פון דער גאנצער טהעטיגקייט און צו וואס פיהרען זיך צו באנקראט?

פייערען א יובילעאום — הייסט, אויסהערען שבחים און

ליב־געזאנגען פאר אייער פערהאנגענהייט. און וואס זיינען שבחים און לויב־געזאנגען אויב ניט פריהצייטיגע הספדים?

פייערען א יובילעאום — הייסט, אויסהערען אבשאצונגען וועגען זיך און שטעלען פרייזען אויף אייערע פעהיגקייטען, גע־פיהלען און געדאנקען. און צו וואס מאכען פון אייער נשמה א ליציטאציע?

פאמפאדור האלט פון אייביג יונג זיין, פון אייביג שעפפע־ריש זיין, און א יובילעאום איז אן אטעסטאט, אז איהר זייט שוין אלט, אויסגעשפיעלט און איהר מעגט זיך אפטראגען.

און דערהויפט, האט פאמפאדור ניט ליעב די יובילעאום־פיי־ערונגען פון אונזער גאס.

א יובילעאום אויף אונזער גאס הייסט דאס זעלבע, וואס פראווען א בר־מצוה צערעמאניע.

מען פראוועט עס פאר יעדען זכר.

ווייל ביי אונז איז א יובילאר א וואכעדיגער טיטול, און יע־דער איינער קען עס לייכט קריגען, ווי מען קריגט א צלם'ל אין צייט פון מלחמה.

ווייל ביי אונז שטעלט מען צוזאמען א יובילעאום'ס־קאמיטע א סך שנעלער ווי די „עלייעס" שטעלען צוזאמען ארמעען.

ווייל ביי אונז איז א יובילעאום־פייערונג שוין באלד קיין עהרע ניט.

ווייל אן עהרע וואלט עס געווען, ווען מען מאכט עס איינעם אין א דור, אבער ביי אונז מאכט מען יובילעאומס צו יעדען איי־געם. עס מאכט ניט אויס, האט דער איינער געדראשען שטרוי א האלבען יאהרהונדערט, צי האט ער געקליבען פערל, עס איז קיין נפקא מינה ניט, צי האט דער איינער געשאפען מיט בלוט, צי האט ער געגאסען וואסער...

אלע, אלע קריגען ביי אונז יובילעאומס!

דער עיקר, תלמידים מיינע, זוכט מען ביי אונז יום־טובים'לאך אום אויסצופילען די פוסטקייט פון דער נשמה און אום צו פער־טרייבען די נודאטע.

און די ימים־טובים'לאך האבען אויך געקענט זיין לויות...

נאר וואס טהוט מען אז די גרויסע מענשען ווילען ניט שטארבען. און א לויה־יום־טוב׳ל מאכט זיך איינמאל אין א שמיטה.

און פאמפאדור האט זיך אויף א ווײלע פערטראכט און ווייטער גערעדט:

תלמידים! ווען איך בין א אידישער יוביליאר, וואלט איך אנטלאפען פון שטאדט לכל הפחות א מאנאט פאר׳ן יובילעאום און צוויי מאנאטען נאכ׳ן יובילעאום.

וױיל ווייסט איהר, וױפיעל א יוביליאר דארף ביי אונז אויסשטעהן פון זיינע פײנינער!

האט איהר נאר א בעגריעף וױפיעל נארישע רייד עס ווערען געווארפען איהם אין פנים אריין? און וױפיעל מיאוסע וױצען עס ווערען דערביי אויף איהם געזאגט אין דער שטיל?

זײט איהר אמאל געוועזען ביי א יובילעאום פייערונג?

האט אייך די צערעמאניע ניט אויסגעקוקט ווי אן איבערבלייבעניש פון דער אמאליגער שפאנישער אינקוויזיציע?

האט ניט פון יעדער רעדע ארויסגעקלונגען די גרויס־אינקוויזיטארישע ארבייט פון די רעדנער?

פאמפאדור האט אויף זיין לעבען שוין בייגעוואהנט א סך יובילעאום־פייערונגען, געזעהען א סך יוביליארען, און ער זאגט, אז ער האט נאך קיינמאל ניט געזעהען א מענשען אויסקוקען געפיינינטער ווי א יוביליאר אויף דער ביהנע.

א חתן אונטער דער חופה איז דאך אויך א מארטירער, אבער ער געהט לכל הפחות ערשט לעבען און עס איז אפשר דא פאר וואס אויסצושטעהען יסורים. אבער א יוביליאר בלייבט נאך דער פייערונג ערשט נעהענטער צום טויט. און צו וואס די אומזיסטע פײניגונג?

תלמידים! פאמפאדור וויל ניט קיין יובילעאום.

פאמפאדור׳ס עהרע — איז וואס ווייטער פון עולם.

פאמפאדור׳ס יובילעאום־קאמיטע — איז ער אליין.

ווען פאמפאדור איז א יוביליאר, וואלט ער אזוי געזאגט צו זיין פערעהרער און יובילעאום־מאכער: ברידער! אויב איהר שעצט

ווירקליך מיין ארבייט, בעזארגט מיך. אז א טאג נאך דער יובילעאום־פייערונג זאל איך ניט שטארבען פון הונגער.

אז א טאג נאכ'ן יובילעאום זאל איך ניט דארפען פערזעצען מיינע לארבער־קרענצע אין א לאמבארד, מעג אפילו דער לאמבארד זיין א רעדאקציע פון א טעגליכער צייטונג.

פריינד! קענט איהר עס, טהוט עס! און אויב ניט, לאזט מיך צורוה!

**אזוי האט גערעדט פאמפאדור.**

ווענען אפלאדיסמענטען און פוסטע קעפ.

און פאמפאדור האט געהאט א בענעפיט־טיקעט אין א איסט־סיידער טהעאטער, וואו מען האט געשפיעלט „האפ־האפ" און די מאסע האט אפלאדירט — און צוברענט האט זיך זיין ליעבע צו דער מאסע, און ער האט זיך געשטעלט אויף א שטוהל און האט אזוי גערופען:

אה, מאסע, ווי ליעב איך האב דיך! ווי שעהן ביזטו אין דער ראלע פון אן אבשאצעריו פון קונסט!

ווי ליעב האב דיך, ווען דו גיסט אוים דיין גאנצע הארציגקייט אין אפלאדיסמענטען!

אפלאדיסמענטען — דאס זיינען דער סך־הכל פון דעם קלינג־קלאנג פון צוויי נארישע לאפעס וואס בעהעפטען זיך צוזאמען.

אפלאדיסמענטען — דאס זיינען וואונדער־שעפער. ניט איין קליינעם מאן האבען זיי צו גרויס געמאכט!

אפלאדיסמענטען — דאס איז דער פיעדעסטאל פון דער גע־טיין שונד!

גרויס איז די געטיין פון שונד, און נאך גרעסער — דער גאט פון אפלאדיסמענטען און הורא־געשרייען!

ווען גאט האט בעשאפען פוסטע לעקטשורערס, פורים־אקטיא־

רען און מיוזיק־האָל טענצערס און האָט אזוי צוטהיילט איז דער וועלט, האָט ער זיך פערקלעהרט: מיט וואָס זיי צו בעלוינען פאר זייער געטליכע ארבייט — און ער האָט ארויסגעריסען א קנעפּיל פון זיינע הויזען און א וואָרף געטהאָן אויף א שטיק לעהם — און ס'איז געבוירען געוואָרען א מענש מיט א פּוסטען קאָפּ, וואָס אָפּ־לאָדירט און שרייט הורא.

אזוי האָט גערעדט פּאָמפּאדור און איז פערשוואונדען פון טהעאטער.

וועגען אַמעריקאַנעם אידישען גאָט.

און פּאָמפּאדור האָט ערב ימים נוראים געבלאָנדזשעט איבער די גאסען פון דער איסט סייד אום צו פאנגען די בליקען פון די שעהנע ערדישע טעכטער, און פּאָמפּאדור האָט געזעהן, כמעט ביי יעדער געוועזענער שטאָהל, און געוועזענעם מואווינג פּיקטשור פּלאַץ זיצען אידען מיט בערדלעך ארום טישלעך מיט אויסגעלעגטע טיקעטס און רופען די פערבייגעהער זיי זאָלען קויפען ס י ט ס. און פּאָמפּאדור איז אריינגעפאלען אין גרוים בעגייסטערונג און קומענדיג אהיים האָט ער אזוי צו זיינע תלמידים געזאָגט:

תלמידים! מיר געפעלט די אידישקייט אין אמעריקא.

און די תלמידים האָבען זיך זעהר פערוואונדערט און גע־פרעגט: ווי אזוי איז דאָס מעגליך אז פּאָמפּאדור'ן זאָל געפעלען א זאך וואָס ליגט אין מארק?

און פּאָמפּאדור האָט א שמייכעל געטהאָן און אזוי געזאָגט:

אידישקייט אין אמעריקא — הייסט, קויף א טיקעט און זעה גאָט! אידישקייט אין אמעריקא — איז א געשעפט ווי אלע גע־שעפטען און איך האָב רעספּעקט פאר געשעפטס־לייט.

אמעריקא איז א לאַנד פון ביזנעס. ווילסטו אויסבעטען ביי

גאָט א גוט־יאָהר — טאַ בעצאָהל ! — דאָס איז לאָגיש און גע־שעפטסמעסיג.

ווילסטו האָבען פ ל ע ז ש ו ר און הערען א גוטען חזן — טאַ בעצאָהל ! קיין פערגניגען קריגט מען ניט אומזיסט ! — און דאָס איז קאָנסעקווענט.

איהר האלט אודאי אז בעטען גאָט מעג יעדער איינער ? איך האלט ניט דערפון !

בעטען דעם אמעריקאנער גאָט, מעגען נאָר די פערמעגליכע, ווייל זייערע ביטעס פערנעהמט אויך גאָט...

דער אמעריקאנער אידישער גאָט — איז אן אדוואָקאט וואָס נעהמט זיך בלויז אָן פאר דעם וואָס בעצאָהלט.

פּאָמפּאדור'ן געפעלט אויך שטארק דאָס טיקעט־פּעדלעריי פאר די טויערען פון אונזערע שוהלען און שוהלכלאַך ערב ימים נוראים.

ווייל פּאָמפּאדור פרעגט :

ווארום זאָל מען אין א וואָדעוויל הויז קענען אריינקומען נאָר פאר געלד, און אין אמעריקאנער גאָט'ס הויז אָהן געלד ?

און בפרט ווען די אמעריקאנער גאָט'ס הויז איז א געוועזענע וואָדעוויל־הויז ?

פּאָמפּאדור האלט אויך ניט פון פרייע שוהלען פאר אלעמען.

פּאָמפּאדור איז פאר א פערשלאָסענער שוהל — דאָס הייסט האלטען טהייער גאָט, ווייל, יעדע זאַך וואָס איז טהייער האלט מען אונטער א שלאָס.

פּאָמפּאדור איז אויך פאר א פערשלאָסענער שוהל — דאָס הייסט דערוויטערען גאָט פון אלערליי קבצנים, וועלכע קו־מען איהם דרעהען א ספּאָדיק מיט קלייניגקייטען, און ביי גאָט דארף מען בלויז בעטען גרויסע זאכען, ווייל בעטען ביי גאָט איז ווי לייהען א גמילות חסד, מען מוז פאָדערן א גרויסע סומע צו קריגען באָטש עפּעס...

און מעהר פון אלץ געפעלען פּאָמפּאדור'ן די ימים נוראים'דיגע דאַווענער אונזערע.

פּאַמפּאַדור האַלט פאַר די בעסטע בעטער פון גאָט די יעניגע וואָס קומען בלויז געצעהלטע מאָל אין יאָהר אין שוהל.

קומען בלויז געצעהלטע מאָהל אין שוהל — הייסט זיין אַ גוטער געשעפטסמאַן, הייסט אָפּנאַרען גאָט, הייסט ארויסקריגען ביי איהם אַלץ וואָס איך ווינש פאַר אַ קליינינקייט, הייסט האַנדלען אַ ב אַ ר ג י י ן ביי דעם הערשער פון אַלע וועלטען. און ווער האָט עס ניט ליעב קיין ב אַ ר ג י י נ ס ?

קומען בלויז געצעהלטע מאָל אין שוהל — הייסט ווינציג דאַוונען און פּאַמפּאַדור האַלט זעהר פון ניט דאַוונען.

ער זאָגט : די בעסטע תפלה איז די ניט געזאָגטע, דער וואָרימסטער געבעט איז דער וואָס בלייבט אין האַרצען.

און פּאַמפּאַדור איז אַנטשוויגען געוואָרען, און די תלמידים האָבען איהם געבעטען ער זאָל נאָך עפּעס זאָגען.

און פּאַמפּאַדור האָט אַזוי געזאָגט :

תלמידים ! אידישקייט אין אַמעריקאַ — איז אַ כּאַריסטעקע אין אַ אידישען טהעאַטער וועלכע האָט שוין לאַנג פערגעסען איהר יוגענד.

דער אמת׳ער אידישער גאָט איז ניט אין אַמעריקאַ. דעם אמת׳ן אידישען גאָט, האָבען מיר, ווי טאַטע־מאַמע, אויף יענער זייט ים.

און דאָ איז אונזער גאָט, דער גאָט — „ביזנעס“.

אַזוי האָט גערעדט פּאַמפּאַדור.

זועגען סטופּס און פּריוויט.

און פּאַמפּאַדור איז אַרוים אַ הונגעריגער אויף דער איסט־סייד שפּעט ביי נאַכט, האָט זיך געפונען אַ לעדיגען בריקעל און זיך געזעצט.

און לייכט איז איהם געוואָרען אויפ׳ן האַרצען און ער האָט אויסגעשריען :

ווי שעהן זיינען די סטופּס אין דער פרייער מדינה!
קיין לאַנד פערמאָגט ניט אַזוינע פּרעכטיגע אינסטיטוציאָנען פאַר פרייהייט!

אַ סטופּ — דאָס איז די פרייהייטס־קישען פאַר דעם קאָפּ פון דעם מיעדען וואַנדערער און רוהע־זוכער.

אַ סטופּ — דאָס איז די טרעפּ צום אַריינגאַנג אין פּאַלאַץ פון איבער־מענשליכקייט!

ווען דו שטאַרבסט פון הונגער ביי טאָג קענסטו זיך צוזעצען אויף אַ סטופּ, און זיך רוהיג צוהערען צו דעם געזאַנג פון דיינע לעדיגע געדערים...

ווען דו האָסט ניט קיין היים אויף דער נאַכט קענסטו זיך בעקוועמליך וואַרפען דיין קאָפּ אויפ'ן סטופּ, ביז אַ פּאָליסמאַן וועט דיך ניט אויפוועקען.

דער סטופּ — דאָס איז אויך דער אַרקאַדיען פאַר פער־ליעבטע...

אויפ'ן סטופּ פיהלט זיך יעדע מענשליכע זעעלע פרייער און היימישער...

פרעג די קעץ און זיי וועלען אייך דערצעהלען.
מיין גרעסטע אַכטונג פאַר די סטופּס!
אַזוי האָט גערעדט פּאָמפּאַדור.

וועגען יוניאָן און קונסט.

און ס'איז געווען אין דער צייט ווען די אידישע שרייבער זיינען אַרום אין סטרייק צוליעב דער אַנערקענונג פון זייער יוניאָן און פּאָמפּאַדור איז בעגייסטערט געוואָרען און אויסגערופען:
ס'לעבע די יוניאָן פון שרייבער!
גרויס איז די קונסט פון שרייבען אַבער נאָך גרעסער איז די קונסט פון מאַכען אַ לעבען!

פעראייניגט זיך, איהר אלע פעדער־ברעכער, טינט־פערניכטער און פאפיער אויסבריינגער!

ווען איהר אלע וועט זיין פעראייניגט, וועט איהר וועניגער שרייבען; און, אז איהר וועט וועניגער שרייבען, וועט דאס פאלק וועניגער לעזען און מעהר דענקען...

ס'לעבע די יוניאן!

א יוניאן פון שרייבער הייסט, די אבסאלוטע פערניכטונג פון קנאה צווישען שרייבער, און קנאה איז דאס בריקעל, וואס פיהרט צום גראדען וועג פון קונסט און הונגער...

א יוניאן פון שרייבער הייסט, שרייבען תנאים מיט דער גע־מין פון קונסט; הייסט, טהאן א שדוך אנשטאט ליעבע.

היינט איז א וועלט פון ארבייט און דאלער־שפארעניש!

הויכע געהאלט ן קליינע שטונדען — דאס איז דער העכס־טער אידעאל פון אונזער צייט.

סטאליארעס און שרייבער, שטעלט זיך אלע אין איין שורה און קעמפפט פאר איין זאך!

האק און פען, ביגעל־אייזען און געפיהלען, שוויים און געדאנ־קען, גיט זיך די הענט און געהט אלע גלייך אין מארק!

ווי שעהן דאס איז! — רופט אוים פאמפאדור.

ניעדער מיט דער נארישער צייט, ווען שרייבער האבען גע־שלאפען אויף דער ערד און געריסען די נעזער צום הימעל; ניט גע־געסען טעג און וואכען און געוועזן זאט אויפ'ן חשבון פון גייסט.

אלעס מוז זיין וואכעדיג, איינפאך און געשעפטסמעסיג פאר דעם נייעם מענשען.

דאס פאלק פון דער צוקונפט, וויל זעהן זיינע שעפער מיט געזונטע מאגענס, רויטע באקען און בלאסע נשמות.

דאס פאלק פון דער צוקונפט וויל ניט מעהר קיין הייליגקייט, קיין קדשי־קדשים פון גייסט, קיין פרוכת איבער'ן ארון פון קונסט, ער וויל דער שרייבער זאל זיין אזוי וואכעדיג ווי ער!

פרעסע, איך דאנק דיר! נאר דו האסט אויפגעדעקט דעם שעהנעם סוד פון שאפען, ווי דו האסט אויפגעדעקט די סודות פון שלאף־צימער און די געהיימנים פון פאמיליען־לעבען און ליעבע!...

פרעסע, איך דאנק דיר! דו, ווי דער גרויס־קאפיטאל, האסט אויסגעטהאן דעם קינסטלער זיינע כהן־גדול בגדים און איהם בע־קליידט אין פראסטע ארבייטער־קליידער.

און נאך אמאל רוף איך: ס'לעבע די יוניאן!

הויכע ווידזשעס — אנשטאט הויכע געדאנקען; קורצע שטונ־דען — אנשטאט פרינציפען; א וואקינג־דעלעגאט — אנשטאט א פאלקס־אידעאל; א ווער־טאים פרייז — אנשטאט פרייז־לאזע בעגייסטערונג — דאס איז, תלמידים מיינע, פיעל קלוגער, שעהנער, און דער עיקר, פראקטישער.

בענקט ניט נאך דער מוזע!

ווילט איהר וויסען וואו זי איז? א קלוגער רעדאקטאר האט זי אויפגעפרעסען, אדער זי ליעגט ערגעץ פערזעצט אין דעם לאמבארד פון שונד און ווארט, ביז א הונגעריגער דיכטער וועט קומען און זי אויסקויפען...

בענקט ניט נאך טאלאנט!

טאלאנט איז געווען אמאל, ווען שרייבער האבען ניט גע־מאכט קיין לעבען פון שרייבען.

טאלאנט איז געווען אמאל, ווען מ'האט געארבייט מיט'ן רוח־הקדש אין הארצען, אנשטאט מיט א זייגער אין דער האנט...

שפייט אויף'ן אמאל, תלמידים מיינע!

אמאל האט מען געמאסטען טאלאנט מיט גרויסע שעפפונגען — היינט מעסט מען עס מיט גרויסע ווידזשעס...

אמאל האט דער שרייבער געארבייט אומזיסט און דאס פאלק האט איהם דערפאר בעצאהלט מיט שטיינער — היינט וועט ער בלויז דארפען צאהלען 25 יאהר אין דער יוניאן און ער וועט זיין פערזארגט מיט א יובילעאום...

נאך אמאל, ס'לעבע די פרעסע! זי האט ארונטערגעריסען דעם געהיימען שלייער, וואס האט פערהילט דעם געטליכען גע־שטאלט פון פרינצעסין קונסט און געמאכט זי פאר א פראסטע ארבייטערין מיט א יוניאן ביכעל אין איין האנד און א באנק בי־כעל אין דער צווייטער.

דער צוקונפט־מענטש איז קלוג; ער וועט שוין מעהר ניט קוקען אויף א שרייבער, ווי אויף אן אויסערגעוועהנליך וועזען, ווי אויף אן אויסערוועהלטען פון גאט, נאר בלויז ווי אויף א מאן וואס ארבייט, שוויצט, סטרייקט און קריגט ב ע צ א ה ל ט.

און ניט ווייט איז די צייט, זאגט פאמפאדור, ווען א דיכטער וועט ניט ועלען קוקען אויפ'ן הימעל — ווייל ער איז ניט יוניא־ניזירט...

און פסול וועלען זיין די זון, לבנה און שטערען אין זיינע יוניאניסטישע אויגען, ווייל זיי האבען ניט אויף זיך קיין יוניאן־לייבעלס...

די יוניאן וועט בעהערשען די וועלט!...

אלע וועלען ארבייטען נאך איין פאסאן און נאך איין שנים.

און דער וואס וועט וועלען ש א פ ע ן אליין, אהן א יוניאן, וועט מוזען אויסקריצען זיינע ווערק אויף די שטיינער פון זיין מצבה...

„אלע גלייך! אלע גלייך! קיין יחוס זאל ניט זיין, און קיין גאונים אודאי ניט!" — רופט דער יוניאן גייסט.

אויב עס וועט אמאל נאך געבוירען ווערען א גאון, וועט מען איהם גלייך ברייגנען אין א אידישע רעדאקציע און מען וועט איהם לאזען בלויז איין בליק טהאן אין די אויגען פון דעם וואקינג־דעלעגאט, און ער וועט ווערען ווי אלע...

יונגע שרייבער, ארבייט פאר דער יוניאן!

אמאל האט א שרייבער געדארפט פערליערען די אויגען, קרי־גען א לונגען־ענטצינדונג, אום צו קריגען א נאמען פון אן אלטען; היינט וועט דער אינגסטער פון די אינגסטע בלויז אריינטרע־טען אין דער יוניאן און ער וועט ווערען אלט, ווי דער עלטסטער פון די אלטע...

תלמידים מיינע, ווערט בעגייסטערט! ווען אייער מוזע וועט ארבייטען א ו ו ע ר ־ ט א י ם, וועט איהר קריגען דאפעלט בעצאהלט...

שרייבער, איהר ווילט עסען? — געהט אין דער יוניאן!

אזוי האט גערעדט פאמפאדור!

וועגען געסט און באנקעטען.

ווי גוט איז צו זיין א גאסט, מיין פריינד! — האט געזאגט פאמפאדור.

א גאסט — דאס איז א פרייער פאספארט... אין דער קעניג־רייך פון עם־הארצות.

א גאסט — דאס איז דער פערגעטערונג גייסט פון קארליקעס.

און ווי גוט עס איז צו זיין א גאסט אויף דער איסט־סייד!

און ווי שעהן מען נעהמט דיך דא אויף ווען דו קומסט מעבר ים!

דער עבר־לים דאס איז א קרוין אויף דעם קאפ פון אונזערע גדולים.

האסט ניט קיין נאמען — וועט מען דיר געבען.

ווילסט א טיטעל — וועסטו קריגען פון די שעהנסטע.

אויב דיר איז ניט בעוואוסט דיין געבורטס־פלאץ — וועלען זיי דיר אויסזוכען.

אויב דו קענסט ניט דיינע עלטערען — וועלען זיי דיך בע־קענען.

אויב ס'איז נאך ניטא דער אוניווערזיטעט וואס דו האסט געענדיגט — וועלען זיי איהם גרינדען.

אויב דו האסט נאך דיין בילד ניט געזעהן — וועלען זיי דיר ווייזען.

אויב דו האסט א באָרד — וועלען זיי זי בעזינגען.

אויב דיין נאז איז לאנג — וועלען זיי אין איהם געפינען דעם סוד פון ראמאנטיזם.

אויב קורץ — דער סמן פון סימוואליזם.

אפילו א באראראוקע וועלען זיי בעמערקען...

צי ווייסטו פון אונזערע צייטונגס־קעפלאך? — צי האסטו געהערט פון אונזערע בעגריסונגס־אבענדען און באנקעטען? היינט אינטערוויוס.

די בעסטע לאנד פאר געסט איז אמעריקא — זאגט פאמ־
פאדור. —

דיעזעס שטיקעל לאנד וואס הונגערט אזוי נאך גדולים, וואס נויגט איהר סענטיגען אקען פאר דעם גלאנץ פון דעם פליך פון א מזרח־אינגעל — וואס קושט דעם בלעכענעם קנעפעל פון א פרעמ־דען פאעטישען רעקעל. דאס שטיקעל לאנד וואס שאפט איהר איינגאהמע מיט סענסאציעס, טומעל און הורדא־געשרייען.

איך ליעב דיך, ברייט־הארציגע הכנסת אורחים'דיגע איסט־סייד!... ווי שעהן עס איז צו קוקען ווי ס'קלאפען אן יעדען טאג גדולים'לאך אין דיינע טויערן... ווי ס'בעזינגען זיי די צייטונגען... ווי ס'ווערען פוסט די הערצער נאך זייער קומען...

אויב קיינער האט פון דיר ניט געוואוסט אין דער היים און דו ווילסט כבוד — קום צו אונז!

אזוי האט גערעדט פאמפאדור.

ווענען העברעאיש און אידיש.

און עס איז געווען אין איינעם פון די הייסע אבענדען, אין וועלכע מען קאכט זיך שטארק און מען דעבאטירט און געוויינליך האט מען זיך אויך געקאכט ווענען העברעאיש און אידיש, און פאמפאדור האט אלעמען אויסגעהערט און האט אזוי געזאגט:

תלמידים, ווי גוט עס איז צו בעלאנגען צום אידישען פאלק!

בעלאנגען צום אידישען פאלק — הייסט שטענדיג צו דע־באטירען.

בעלאנגען צום אידישען פאלק — הייסט, לכל הפחות, זיין א צוויי־שפראכען אייגענטהימער.

בעלאנגען צום אידישען פאלק — הייסט שטענדיג דע־דיג צו דעבאטירען.

ווי געקריוודעט עס זיינען די גוים: די פראנצויזען, די ענג־

לענדער, די דייטשען און די רוסען — זיי פערמאָגען בלויז יעדער איין שפּראַך און האָבען ניט פאַר וואָס צו קעמפּפען אין די קאָפּע־הייזער און די מילכיגע רעסטאָראַנען.

אוי, אונזער שפּראַכען־רייכטהום, ווי אָרעם עס מאַכט אונז!
אוי, אונזער פיעל שפּראַכען קענעריי, ווי נידריג עס מאַכט מיך אין מיינע אויגען!

אונזער פיעל שפּראַכען־קענעריי — דאָס איז דער גרעסטער גלות־מיקראָב וואָס פערדאַרבט און רואינירט אונזער קערפּער.

אונזער פיעל־שפּראַכען־קענעריי — דאָס איז א פערזיכערונג, אז מיר וועלען אימער זיין אין דער פרעמד.

א פאָלק וואָס מוז קענען א סך שפּראַכען—איז א קעלנער־פאָלק, א לאַקייען־פאָלק, א קאָמי־וואָיאַזשאָרען־פאָלק — אבער ניט קיין לעבעדיג פּ א ל ק.

האָבען איין שפּראַך — דאָס איז דער סימן פון נשמה גאַנצ־קייט, באָדען־פעסטקייט, און פוס־שטאַרקייט פון א פאָלק.

האָבען איין שפּראַך — דאָס בעדייט, אז איך בין אליין א בעל הבית אויף זיך. אז איך דאַרף זיך ניט צופּאַסען צו פרעמדע זיטען, אז איך קען מ א כ ע ן א ל ע ב ע ן אין דער היים. אז איך האָב א פיינע נעגענוואַרט און א גוטע צוקונפט אויסער א גלענצענדע פערגאַנגענהייט.

און פּאָמפּאַדור האָט זיך אויף א ווײַלע פערטראַכט און נאָכ־דעם ווייטער גערעדט:

תלמידים! ווי נאַריש און אומזיסט ס'איז אונזער גאַנצע מחלוקת, גאַל־עסעניש, צייט־פערטומלעניש פון אונזערע שפּראַכען־קריעגער.

העברעאיש — דאָס איז די קרוין פון אונזער יחוס־קאָפּ — זאָגען די העברעאיסטען.

אידיש — דאָס איז דער גאַרטעל אויף אונזערע גלות־לענדען— זאָגען די אידישיסטען.

ווי בטלניש! פּאָמפּאַדור אנערקענט, דאָ אין גלות, בלויז פּ ר נ ס ה.

ביי פּאַמפּאַדור׳ן איז דאָ ניטאָ קיין העברעאיש און קיין איד־דיש פּראָגע, נאָר אַ פּרנסה־פּראַגע. פּאַמפּאַדור אַנערקענט ביי די איצטיגע אומשטענדן אי די העברעאיסטען, אי די אידישיסטען.

פּאַמפּאַדור זאָגט צום העברעער: חבר העברעער, מאַכסטו אַ לעבען פון העברעאיש, מעגסטו טענה׳ן: העברעאיש איז אונ־זער בת יחידה, אונזער אויג אין קאָפּ, און אונזער זון און אונזער לבנה.

פּאַמפּאַדור זאָגט צום אידישיסט: ברודער אידישיסט, מאַכסטו אַ לעבען פון אידיש, מעגסטו טענה׳ן: אידיש איז אונ־זער מוטער־שפּראַך, אונזער לעבענס־קוואַל, אונזער וואַנדער־שטע־קען, אונזער געגענוואַרט און אונזער צוקונפט.

און צו די וואָס מאַכען אַ לעבען פון ביידע שפּראַכען, זאָגט פּאַמפּאַדור אַזוי:

פריינד, אַזוי ווי איהר מאַכט אַ לעבען פון ביידע שפּראַכען, זייט בעגייסטערט פון ביידע...

דער עיקר איז נאָר, היינט צו טאָג, דאָס לעבען מאַכעריי.

די צרה איז אָבער, וואָס די מעהרסטע פון אונזערע שריי־בער און שפּראַכען־מלחמה־האַלטער, קאָנען קיין לעבען ניט מאַ־כען און קריגען זיך אַרום אומזיסט. און דאָס איז שוין בטלנות.

פּאַמפּאַדור זאָגט: ווען אונזער פאָלק וואָלט געקענט און גע־וואָלט אויסער דיסקוסיאָנען, מחלוקת׳ן און קאָפּ־פּלאָפּלערייען אויך שפּייזען איהרע דיסקוסיע־האַלטער וואָלט עס געמוזט האָבען איין שפּראַך.

פּאַמפּאַדור זאָגט: שאַפט אָפּ אונזער אייביגען עליס־איילענד־צושטאַנד און איהר וועט פּטור ווערען פון אונזער שפּראַכען־פּראָגע!

גיט אונזערע שרייבער און לעהרער פּרנסה בכבוד און זיי ווע־לען אַלע רעדען איין שפּראַך!

אַזוי האָט גערעדט פּאַמפּאַדור.

ווענגען צייטונגס־פעדלער און אידעאלען.

איך האָב ליעב די וואָס פעדלען מיט צייטונגען מעהר פון די וואָס גיבען ארויס די צייטונגען, האָט געזאָגט פּאַמפּאַרדור.

א צייטונגס־פעדלער — דאָס איז דער אייביג נייער צורו־פער צו נייקייטען, דער אייביג יונגער הארץ־צאַפּעל פאר דעם געדרוקטען וואָרט, די אמת'ע יונגע שטימע פון פאָלק.

א צייטונגס־פעדלער — דאָס איז דער איינציגער מענש וואָס וועקט די מענשען צו פערשטעהן א וועלט, וואָס לאָזט אפילו ניט שלאָפען אין מיטען נאַכט.

און די מענשען שלאָפען צופיעל און געבענשט זאָלען אימער זיין די יעניגע וואָס וועקען.

תלמידים מיינע!

איך האָב ליעב די קליינע צייטונגס־פערקויפער בעסער ווי די גרויסע אידעאַלען פערקויפער.

האָט איהר געזעהן א קינד לויפט מיט צייטונגען ערשט פון דרוק? מיינט איהר אז דאָס איז די פּעני וואָס טרייבט איהם?

ניין! גרעסער פון שטרעבען צו רייך ווערען איז דער חשק. צו פלייסען זיך און געווינען מעהר צייט צו פערקויפען.

און געווינען — דאָס איז לעבען. דאָס איז יוגענד.

אָה, ווען אונזערע לייטאַרטיקעל־שרייבער, דיכטער און פּער־לעטאָניסטען פון רעדאקציע, וואָלטען פערמאָגט אין זייער נשמה כאָטש איין פּראָצענט פון דעם פייער וואָס א יונגער צייטונגס־פעדלער האָט ביים פערקויפען זיין צייטונג, וואָלט די וועלט פול געווען מיט אידעאַלען, גלויבען און שענקייט.

תלמידים מיינע, ניטאָ היינט קיין גרויסע נביאים, וואָס דאָס פאָלק זאָל צוהערען זייער וואָרט, פערנעהמען זייער שטימע, אויף זייער פלאַץ, זיינען היינט די קליינע פעדלער וואָס צו זייערע אויס־געשרייען לעגט דאָס פאָלק נאָך צו דעם אויער.

אזוי האָט גערעדט פּאַמפּאַדור.

זועגען קרעמער און קרעמלאך.

און איינמאָל, אום שמחת תורה, האָט פּאַמפּאַדור גענומען אביסעל משקה און ער האָט צו זיינע תלמידים אזוי געזאָגט:

ברידער מיינע! ווייל היינט איז שמחת־תורה דארום וויל איך צו אייך רעדען וועגען קרעמער און קרעמערלאך.

ברידער מיינע! אונזער פאָלק איז א פאָלק פון קרעמער. דער גייסט פון אונזער פאָלק איז א קרעמערשער.

קיין פאָלק בעזיצט ניט אזוי פיעל קרעמער און קרעמערלאך, ווי דאָס אידישע... ביי אונז איז יעדע הויז — א נעסט פון קראָ־מען, ווען ניט שטעהט מען פאר'ן הויז מיט א פּושקארט.

קרעמעריי — דאָס איז דאָס חן־פּינטעל אויף אונזער גלות־צורה, דער ברוסט־מעדאל, פאר אונזער וואנדער־אויסצייכנונג.

א פּושקארט — דאָס איז דער איבערגאנג־וועג צו א קראָם, א פּוש־קארט — דאָס איז דער דעפּאזיט ביי גאָט פון גליק — פאר א קראָם.

ביי אונז ווען א פּאר פאָלק האָט חתונה, דענקט עס גלייך פון א קרעמעל. דער העכסטער אידעאל פון אן ארבייטער איז א „קענ־די־סטאָר". דער שעהנסטער טרוים פון א פּראקטישע טאָכטער איז א „ביזנעס" נאָך דער חתונה.

און האָט מען נאָך די חופּה־שטאַנגען ניט צוזאמען געלעגט, דענקט מען שוין פון א סאָדא־וואסער סטענד.

מעסטען סאָדא־וואסער, — דאָס איז דער מעסט־שנור פון אונזערע געפיהלען.

האָבען אן אייגענעם שטיין אין א קענדי־סטאָר — דאָס איז דער ווינקעל־שטיין פון אונזערע שטרעבונגען.

פערמאָגען א סטיישאַנערי־סטאָר — דאָס איז די וואָל־וואָרטה־בילדינג פון אונזערע ווינשונגען און גליק אידעאלען.

און ווען א אידישער ארבייטער קוקט ארויס אין זיין פריי־הייטס־שטונדע אין גאס, דענקט ער ניט פון הימעל, גראז און פויגעל־געזאנג, נאר זיין אויער פערנעהממט דעם פעדלער־רוף און זיין אויג בעמערקט די שעהנע סטענדס און סטענדעלאך, און א זיפץ שפאלט דורך די ביזנעס־לופט און פאלט אויפ'ן פייער־עסקייפ:— גאט, ווי דערלעבט מען שוין די צייט אויך צו האבען אזא ביזנעס'ל!...

די גוים האבען סוחרים, מיר קרעמער. די גוים האבען קונדען, מיר דינג־בעשעפענישען.

אוי, דאס דינגען זיך, דאס דינגען זיך! איז דאס ניט דער סך־הכל פון אונזער קרעמער־גייסט? איז דאס ניט דער מאקר סימום פון אונזער ארבעל־שלעפעניש און פאלע־ציהעניש?

מיר זיינען קרעמער, קינדער פון קרעמער!

און וועה איז דיר מיין פריינד! אויב דו ביסט ניט קיין קרעמער און ס'איז דיר פרעמד די תורה פון ארבעל־ציהעניש און סחורה־לויבעניש פון אונזערע קרעמער, דיין סחורה וועט ביי דיר צופוילט ווערען און דו וועסט געהן באנקראט.

און אויך אונזערע אידעען־טרעגער, תורה־פערשפרייטער, פאלקס־פערזארגער און טאן־געבער, זיינען קרעמער.

יעדע צייטונג — איז ביי אונז א קרעמעל. יעדע אינסטיטוציע — א קרעמעל. יעדע יוניאן — א קרעמעל. יעדער פעראיין — א קרעמעל פון דיוס.

קרעמעריי — דאס זיינען אונזערע אנארכי־געדאנקען, בעפרייאונגס־אידעען, כל־ישראל־מאטיווען, און אפילו דער ציוניזם־אידעאל.

איינער פערקויפט אנארכיזם אויפ'ן לויט, דער צווייטער, גאטהייט אויפ'ן וואג, דער דריטער, סאציאליזם אויפ'ן קווארט, דער פיערטער, יוניאניזם אויפ'ן אונץ, און יעדער מאכט קליין געלד...

אוי, דאס קליין־געלד מאכעריי! אט דאס ערגערט דאך מיר טאקע, וואס מ'פערקויפט ביי אונז אלעם בלויז פאר קליין־געלד...

און דער קרעמער־גייסט הערשט אפילו אין אונזער ליטע־ראטור.

אונזערע ארויסגעבער — זיינען קליינע קרעמער. אונזערע שרייבער — ארימע קרעמער. אונזערע רעדאקטערע — שלעכטע קרעמער.

און אונזערע קריטיקער זיינען די שלעכט־בעצאהלטע פ ו־ ל ע ר ס.

און אפילו אויך אונזערע דיכטער, מוזען ביי אונז זיין קרע־מער, ווען זיי ווילען זעהן זייערע ליעדער אין בוך־פארם.

ברידער, אידען, גרויס זייט איהר אין קרעמעריי! ברידער, אידען, האלט זיך ביי קרעמעריי!

אזוי האט גערעדט פאמפאדור!

## ווענען אויגען און אויערען.

תלמידים! די גרעסטע מארטירער דא אין לאנד זיינען דאס אויג און דאס אויער.

אוי, ווי איך האב אויף זיי רחמנות!

געהסט ארוים אין גאס און באלד ענטפלעקט זיך פאר דיר די גאנצע שעהנקייט פון מענש און נאטור.

א וואו דו ווארפסט א בליק — טריקענט זיך וועש.

און די וועש אויף דער ערד פערמעגען מעהר קאלירען פון דעם רעגען־בויגען אין הימעל!

און וויל דיין אויג רוהען, פאלט ער אויף פ ו ש ק א ר ט ס מיט אלטע צוגעסענע ביכער, פערשימעלטע בילדער, פערראסטע טשוועקעס און פוילע עפעל...

און קומסטו אין הויז, איז אויך ניט בעסער: א ש י נ ק פול מיט באנאנע־שאלעכץ און ציבעלעס, צוריסענע קארטען און שטיקלעך צייטונגס־עדיטאריעלס, און ליגסטו אויף דיין בעטעל, שמייכעלט צו דיר א סטעליע, וואס קען זיך באלד אראפלאזען אויף דיין קאפ.

און מיעד מוזטו ווערען...

דאָס אויג — עס איז דאָ דער ארעסטירטער פון דיין נשמה וואָס האָט זיך פערזינדיגט ביי דער געטין פון שעהנקייט.

געוואלד, פאר וואָס זאָלען מענשען ווערען מיאוס זיין!

זאָל גאָט פערגעבען פאַמפאַדורען, וויפיעל בלאָטע־שווארצע העלזער און ברוסטען, ער זעהט זיך דאָ אָן אין די הייסע זומער־טעג.

נאָכאמאָל: פאר וואָס זאָלען מענשען ווערען מיאוס זיין!

ריעזען העטס אויף ליאלקע־קעפעלעך.
גרויסע שיך אויף קליינע פיסלאַך.
ווייסע קראוואטען אויף שווארצע העמדער.
לאַנגע האָר אויף דארע קערפערס.
אויגען־גלעזער אויף נאָזלאָזע פנים׳ער.
אַלטע מוידען אין קורצע קליידלאַך.
יונגע מיידלאך מיט בערג פּוידער.
גלאנציגע נעגעל אויף שמוציגע פינגער.
היינט די טאַליעס!

און ניט בעסער אָפּ איז דאָ דאָס אויער.

גרילצענדע טענער פון פיאנאָס פון טאָפּ פלאָר ביז׳ן בייס־מענט. שרייענדע רעדעס פון גאסען־רעדנער, הילכענדע קולות פון היימישע קאָנצערטען, משונה׳דיגע גרילצערייען פון לויפענדע קארס, ווילדע שטימען פון צובראכענע גראמאָפאָנען, דאָס איי־לענדע קלינגערייען פון טעלעפאָנען, דאָס פייפען פון די פייער־אינדזשענס און דאָס יאָגען פון די אויטאָמאָבילס...

אוי ווי ליעב ס׳איז מיר דיעזע רייכע סימפאָני פון דעם נייעם מענשען!

אוי ווי איך האָב ליעב די גרויסע שטאָדט מיט איהרע קרבנות!

אמעריקא איז א מאָדנע לאַנד!

דאָ פערהייליגט מען די פיס און די הענט מעהר ווי די אויגען און אויערען.

וואָס מעהר קולות, אַלץ מעהר קולטור.

וואָס מעהר צוקאַליעטשעט, אַלץ מעהר ביזנעס.

גאָט פון שטיין פון אייזען! נעהם אויף די אַלע קולות און פּלעכט פון זיי א קראַנץ פאַר דעם צוקונפט־מענשען.

נעהם אויף די אַלע איינדריקע און קריץ אויס פון דעם איין גרויסע עפּיטאַפּיע אויף דער מצבה פון דער פערשטאַרבענער געטין פון שעהנקייט!

אזוי האָט גערעדט פּאַמפּאַדור.

ווענען מואוווינג פּיקטשורס און סאָציאַלע ערלעזונג.

און פּאַמפּאַדור האָט געוואָרפען זיין שאַרפען אויג אויף דער איסט סייד, און ער האָט דערזעהען די פולע שעהנע מואוווינג־פּיקטשורס־הייזער, און די גרויסע בעגייסטערטע מאַסען, וואָס ציהען אהין, און ער האָט מיט גרויס פרייד אויסגערופען:

די סאָציאַלע ערלייזונג קומט!

ענדליך! ענדליך! האָט די אין דער פינסטער־טאַפּענדע מענשהייט דערגרייכט דעם ריכטיגען וועג, וואָס פיהרט צום פּרעכטיגען פּאַלאַץ פון צוקונפט־מענש...

מואוווינג־פּיקטשורס — דאָס איז דער שנעלער טראָט פון דעם איילענדען מאָדערנעם מענשען, וואָס שטרעבט צו ענטבלויזען די צוקונפט...

מואוווינג־פּיקטשורס — דאָס איז דער משיח־גלאָק פון דעם נייעם קולטור־פּערדעל, וואָס וועט ברייננען דעם מיעדען רייזענדען אהיים...

ווי ליעב איך האָב אייך, 5 סענטיגע שאָום!

ווי ליעב איך האָב אייך, פּרעכטיגע הייזער!

איין פרייז פאַר אַלעמען! איין פרייז פאַר אַלעמען!

אמת׳ע דראַמאַ — דאָס איז קלאַסען־צוטהיילונג.

אמת׳ע דראַמאַ — דאָס איז קאַפּשמערצען נאָך האַלבע נאַכט...

אמת׳ע דראַמאַ — דאָס איז אָפּט מאָל שעדליך פאַר דאָס האַרץ...

דער מענש פון דער צוקונפט טאר ניט ברעכען דעם קאפ אויף פראבלעמען!
דער מענש פון דער צוקונפט מוז האלטען מהייער זיין צייט...
די צוקונפט בעלאנגט צו מואווינג־פיקטשורס!
אזוי האט גערעדט פאמפאדור!

ווענען יונג און אלט.

תלמידים! פאמפאדור איז שוין לאנג אין אמעריקא, ער האט מיט פיעל שווערע פראגען פריעדען געשלאסען, נאר די פראגע פון י ו נ ג א ו ן א ל ט אין דער היגער אידישער ליטעראטור, שטעהט פאר איהם ווי א גריגער אין מיטען בראדוויי.

תלמידים, וואס איז יונג?

אין לעבען הייסט יונג זיין — האבען א גלאטען שטערען, א יונגען פנים און יונגע אויגען.

און אויב ליטעראטור איז לעבען, זיינען אונזערע יונגע קיין יונגע ניט! — צוקנייטשטע שטערענס, פערזוייערטע פנים'ער ווי ביי פערזעסענע מיידלאך — קענט איהר עס אנרופען יונג?

תלמידים, וואס איז אלט?

אלט — אין לעבען, הייסט, זיין געבויגען אונטער דער משא פון יאהרען און ליידען. און אויב ליטעראטור איז לעבען, זיינען אונזערע אלטע קיין אלטע ניט!

פעטע, צופריעדענע פנים'ער, גלאטע שטערענס, זאטע בע־נעהמונגען — קענט איהר עס אנרופען אלט?

יאהרען — זיינען טרעפלאך צו דער אייביגקייט; סתם מענשען קלעטערן אויף די טרעפלאך, ביז זיי פאלען אין אבגרונד; טאלאנטפאלע שטייגען און דערגרייכען ביז דער טהיר פון אייביג־קייט און בלויז ג ע נ י א ל ע מענשען עפענען די טהיר...

שאפען — איז אייביגקייט!

א ליטעראטור וואס האט א סך יונגע — איז אן א ל ט ע

ליטעראטור; א ליטעראטור וואס האט א סך אלטע — איז א יונגע ליטעראטור...

מיר האבעןביידע זאכען נים.

יונגקייט אליין מאכט נאך ניט קיין טאלאנט; אלטקייט אליין מאכט נאך ניט קיין טאלאנט.

טאלאנט — איז עפּעס, וואס איז נים בעגרענעצט מיט יאהרען; טאלאנט איז עפּעס, וואס שוועבט איבער יונג און אלט...

און ביי אונז קעניגט דא בלויז די מיטעלמעסיגקייט.

אונזער ליטעראטור איז א קבצן'ישע.

אונזערע אמת'ע אלטע קען מען אויף די פינגער אויסצעהלען... און ווייטער האבען מיר בלויז קאריקאטורען פון אלטע, אינ־וואלידען — אנשטאט אלטע, מושב־זקנים מיטגליעדער — אנשטאט קלאסיקער...

אונזער ליטעראטור איז אן ארימע.

אונזערע אמת'ע יונגע קען מען אויף די פינגער אויסצעהלען... און ווייטער האבען מיר דא אינגלאך — אנשטאט יונגע, קאפע־טרינקער — אנשטאט נייע ריכטונגס־בויער...

ביי אונז איז נימא קיין אבשאצונג און קיין אבשאצער. ביי אונז שעצט יעדערער אפּ זיך אליין, קלעפּט אן אליין אויף זיך דעם ליבעל פון זיין טאלאנט.

די אלטע ווילען מיט גוואלד אלט זיין, און די יונגע מיט גוואלד יונג זיין...

וואו איז דער וועג, די ריכטונג פון אונזערע יונגע? — פרעגט פּאמפּאדור.

די אלטע ווייזען כאטש יעדען פריה־מארגען דעם וועג אין די רעדאקציעס.

און די יונגע בלאקאיען זיך ארום, זוכענדיג אימער א דירה...

נימא קיין יונג און אלט ביי אונז! — רופט אוים פּאמפּא־דור.

יונג און אלט — דאס זיינען אויסגעטראכטע זאכען פון א וויצלינג, וואס האט געוואלט נאכמאכען די גוים.

די גוים האָבען יונגע און אַלטע, דאַרפען מיר אויך האָבען די זעלבע.

איך בעט אייך, ווייזט מיר אַן דעם גרענעץ צווישען יונג און אַלט ביי אונז!

די אַלטע פאָדערן גאָרנישט און גיבען גאָרנישט און די יונגע רעדען וועגען גאָרנישט — און גיבען דעם זעלבען גאָרנישט.

אַלע זיינען ביי אונז יונג און אַלט צוזאַמען!

אַט שרייבט אַ יונגער ווי אַן אַלטער — מ'קען דאָס אין מויל ניט נעהמען; און אַט שרייבט אַן אַלטער ווי אַ יונגער — און עס טויג אויף כפּרות...

און דאָס זעלבע איז אפילו מיט דער ל י ע ב ע.

אויב יונג זיין, הייסט, שרייבען פון ל י ע ב ע, שרייבען דאָך די אַלטע פון ל י ע ב ע.

פּאָמפּאַדור גלויבט אין גאַנצען נישט אין אידישע ליעבע:

אַ פאָלק, וואָס האָט ניט קיין גראַפען, פּרינצען, העלדען, ריטער און אַפּיציערען, שלעסער און פּאַלאַצען קען ניט ליעבען...

אונזער ליעבע איז מעהרסטענס אַ צושטערטער שידוך, אַ ניט־איינגעגעבענער מסחר פון אַ קענדי־סטאַרקע. אין בעסטען פאַל — אַ קרעכץ פון שאָס.

און פּאָמפּאַדור האָט זיך אַ ווײַלע פערטראַכט און נאָכהער אַזוי געזאָגט:

תלמידים מיינע! מיר דוכט, איך ווייס יאָ וואָס הייסט ביי אונז יונג און אַלט...

אַלט — זיינען ביי אונז די, וואָס שרייבען און מאַכען אַ לעבען.

יונג — רופען זיך ביי אונז די, וואָס שרייבען און הונגערען.

האַלב יונג — הייסען ביי אונז די, וואָס הונגערען האַלב.

ווילט איהר זיין אַ יונגער? — זייט אויף צרות, שרייבט ליע־דער, פּלעכט גראַמען און טראָגט זיי אומזיסט אין די רעדאַקציעס...

ווילט איהר זיין אַן אַלטער? קריגט אַ פּלאַץ אין אַ רעדאַקציע און נעהמט שכירות...

און נאָך זאָג איך אייך:

יונג — הייסען ביי אונז די, וואס לעזען ניט די אלטע; און אלט הייסען ביי אונז די, וואס לעזען ניט די יונגע...

און געוויזען האט זיך א בייז פייער'ל אין פאמפאדור'ס אויג, און ער האט אזוי אויסגערופען:

תלמידים! רעדט מיר ניט פון יונג און אלט.

עפענט די אויגען, און זעהט, וואס האבען מיר?

א שאפען — אין ענגע רומקעס פון טענעמענט־הייזער!

זשורנאלען — פרעמדע אין די לייברערים.

אטמאספערא — אין סאבוויי.

ליטערארישע שוהלען — פריפעראטארי־סקולס.

היימען פאר ליטעראטור — קאפע־טישלאך אין בייסמענטס!

לעהרער — יוניאן־פיהרער און פינף־דאלארדיגע לעקטשורערס.

רעדאקציעס — נבול־פה נעסטען און אנאנסען פריטאנען.

שטימונג — פעדלער־קולות...

הומאר — ביי לויות...

תלמידים מיינע! מיר האבען גארנישט און רעדט מיר ניט פון יונג און אלט.

אזוי האט גערעדט פאמפאדור.

## וועגען וויסענשאפט און גנבה.

די גרינגסטע זאך איז צו זיין א וויסענשאפטס־מאן אין א אי־דישער טעגליכער צייטונג. דו דארפסט בלויז קענען די וויסענ־שאפט פון גנבה און דעם סוד פון שרייבען יעדען טאג.

ברייט זיינען די וועגען פון וויסענשאפט פאר א אידישען וויסענשאפטס־מאן. זיי שניידען דורך אלע מדבריות און וויסטעני־שען פון אינהאלטסלאזיגקייט...

טיעף זיינען אונזערע ימים פון וויסענשאפט אין א אידישער צייטונג. נאר קורצזיכטיגע קענען זעהן דעם אבגרונד.

ווילסט ווערען א וויסענשאפטס־מאן? — שלאג זיך ארויס פון קאפ אלעס וואס דו האט געלערענט אין חדר, זעגען זיך אב מיט דער לאגיק — און שרייב. מאך צו די אויגען און שרייב. שרייב וועגען וואל סטריט, אייביגע בעוועגונג, נארד־פאל, לופט־באלונען, קעץ און טראכאמא... א גוטער וויסענשאפטס־מאן דארף שרייבען איבער אלעס...

אונזערע לעזער זיינען גוט ווי קינדער, האבען שכל ווי עופ'ע־לעך, און וועלען דיר פערצייהען אויב דו האסט א מאל גערעדט ניט צו דער זאך...

אונזערע לעזער גלויבען אויפ'ן ווארט.

גנב'ע — און דו ביסט א וויסענשאפטס־מאן!

אזוי האט גערעדט פאמפאדור.

### וועגען קאמפיין און הוררא.

און ס'איז געווען אין סאמע ברען פון קאמפיין. און די תלמידים האבען דערזעהען פאמפאדור'ן אויף א קאמפיין־מיטינג. און זיי האבען איהם מיט גרויס פערוואונדערונג געפרעגט: ווי קומט פאמפאדור אהער?

און פאמפאדור האט א שמייכעל געטהאן און געענטפערט:

תלמידים! וואונדערט זיך ניט אויף אייער פאמפאדור'ן, וואס ער קומט הערען קאמפיין־רעדנער.

פאמפאדור האלט זעהר פיעל פון קאמפיין. און ניט ווייל ער גלויבט אין פאליטישע אקציאן, ניט ווייל דער אדער יענער קאנ־דידאט איז איהם ליעב — נאר צוליעב די קאמפיין־פערשפרע־כונגען.

און די תלמידים האבען נאך מעהר פערוואונדערט אנגעקוקט פאמפאדור'ן.

און פאמפאדור האט אזוי געזאגט:

תלמידים! פּאַמפּאַדור האָט ליעב קאַמפּיין־פערשפּרעכונגען, ווייל נאָר אין די פערשפּרעכונגען זעהט ער דעם גאַנצען געבוי פון אונזער לעבען.

ווייל וואָס איז דאָס לעבען אויב ניט אַ שטענדיגע קאַמפּיין־פערשפּרעכונג?

אויב ניט אַ צוזאַג אַז שפּעטער וועט זיין שעהן? אויב ניט אַ פערזיכערונג אַז מאָרגען וועט זיין גוט? אויב ניט אַ קאַמפּיין־רעדע וואָס איז געבויט אויף ליגען?

און פּאַמפּאַדור האָט פערדריקט די ליפּען און איז אַנטשוויגען געוואָרען. אבער די תלמידים האָבען איהם געבעטען, ער זאָל נאָך עפּעס זאָגען.

און פּאַמפּאַדור האָט נאָך אַ ווײַלע טראַכטען, געזאָגט:

תלמידים מיינע, ווילט איהר פאָלגען פּאַמפּאַדור'ן? — גלויבט אין די פערשפּרעכונגען פון אַלע קאַנדידאַטען, און אונטערשטיצט דוקא נאָר דעם גרעסטען פאַרשפּרעכונג־מאַכער.

ווייל נאָר אין גלויבען ליגט דער סוד פון אונזער עקזיסטענץ...

און זאָל אייך ניט אהרען, וואָס אַלע פערשפּרעכונגען, ווערען אַ טאָג נאָכ'ן קאַמפּיין צו גאָר־נישט; געהען אוועק צוזאַמען מיט דעם געקלאַפּ פון די פויקען און פערשווינדען צוזאַמען מיט די פונקען פון די פייערווערק...

זאָל עס אייך ניט אהרען!

אַ פערשפּרעכען, וואָס ווערט ניט בטל — איז קיין פערשפּרעכען ניט...

אַ פערשפּרעכען, וואָס איז קיין ליגען ניט, האָט אין זיך ניט, די צויבער־קראַפט צו בעגייסטערען מענשען...

אַ קאַמפּיין־פערשפּרעכען — איז פּאָעזיע. און ווער פּאַדערט פון פּאָעזיע אמת?

אַ קאַמפּיין־פערשפּרעכען — איז שוים פון כוואַליעס, און וועלכער נאָר פּאַדערט פון שוים, אַז עס זאָל זיך לאַנג האַלטען?

און אין דער צייט ווען פּאַמפּאַדור האָט אזוי גערעדט צו זיינע תלמידים, האָט אַ קאַנדידאַט געענדיגט זיין רעדע און פון

אלע זייטען פון גרויסען זאאל האט זיך צוטראגען א דונערנדעס הורראַ־געשריי.

און די תלמידים האבען געזאגט: זעהט נאר ווי די עזלען ווע־רען דאס בעגייסטערט פון א ליגנערישער רעדע!

און פאמפאדור האט זיך אנגערופען: תלמידים, לאכט ניט אוים די בעגייסטערטע מאסען, און רופט זיי ניט עזלען!

אייער פאמפאדור איז פאר הורראַ־שרייער!

שרייען הורראַ, דאס איז אפטימיזם, דאס הייסט, צומאכען די אויגען און זעהען גליקען... פערלירען דעם קאפ און ניט טראכטען...

און ניט טראכטען איז דער טייטש — גליק.

שרייען־הורראַ, דאס איז געזונד פאר'ן פאלק.

דאס פאלק איז ווי א פיצעל קינד: וואס מעהר עס שרייט אלץ געזונדערע לונגען בעקומט עס...

איך האב מיטלייד מיט די שווייגער, מיט די וואס פערשליסען די ליפען און ווילען ניט בעגייסטערט ווערען פאר גארנישט.. מיט די וואס ווילען ניט גלויבען, ניט דעם גאט, וואס זיצט אויפ'ן הימעל און ניט דעם קאנדידאט וואס לויפט אויף דער ערד, — די דאזיגע מענ־שען זיינען די אומגליקליכסטע, די פאליטיש און לעבענס־אויס־געשפיעלטעסטע.

תלמידים! פאלגט אייער פאמפאדור'ן: שרייט הורראַ און איהר וועט געפינען רוה און גליק כאטש אין דער צייט וואס איהר געפינט זיך אין זאל!

אזוי האט גערעדט פאמפאדור, און האט פערלאזען דעם קאמפיין־מיטינג.

וועגען קאפפע־קריטיקער און מבינים.

און פאמפאדור האט פערבלאנדזשעט אין אן איסט־סיידער קאפפע־הויז, און האט זיך פערטיעפט אין א גלאז קאפפע. נאר תיכף האבען איהם די איינוואהנער פון קאפפע־הויז דערקענט און איהם געבעטען ער זאל עפעס זאגען. און ער האט אזוי געזאגט:

קיין פאלק איז אזוי ניט געבענשט מיט מבינים, ווי דאס פאלק ישראל!

קיין געגענד פערמאגט ניט אזא געוואלדיגע צאהל קרענקס, ווי די איסט־סייד!

און קיין ליטעראטור איז אזוי ניט רייך מיט קאפפע־קריטיקער, ווי די אמעריקאניש־אידישע!

גרוים און מעכטיג איז די איסט־סייד! שעהן און פרעכטיג זיינען איהרע קאפפע־הייזער!

ווילסטו ווערען א קריטיקער?—בעזוך אלע טאג א קאפפע־הויז פערלאז זי ניט שפעטער ווי 4 אוהר פאר טאג, טרינק קאפפע, רעד, גענעץ, פלאפעל, זידעל ווּעמען דיר פאלט איין, קריך אויף די גלייכע ווענט, און דו ביסט א קריטיקער...

פון מבינות ביז קריטיק איז מייל־ווייט; פון א קריטיקער ביז א קרענק איז נאר מיט׳ן האנד צו דערלאנגען.

ביי אונז איז קרענקליכקייט דער סימוואל פון קריטיק!

אזוי האט גערעדט פאמפאדור און האט פערלאזען די קאפפע־הויז.

ווענען סטרייקען און ארבייטען.

אידען זיינען א פאלק פון סטרייקער אבער ניט פון ארביי־טער, זאגט פאמפאדור.

סטרייקען און מארשירען — דאס איז דער סיאמישער צוויי־לינג פון אונזער גלות־מוטער.

אידישע קינדער האבען ניט אזוי ליעב דעם סטרייק, ווי דעם טומלען זיך פ א ר און נ א ך דעם סטרייק.

אידען זיינען ניט אזוי פערליעבט אין זיעג, ווי אין דעם מ א ר ש צום זיעג...

ביי אונז הייסט סטרייקען, אַנציינדען זיך אַזוי שנעל ווי א שוועבעלע, און אַזוי שנעל אויך אויסגעלאָשען ווערען.

א איד וועט אייך בעסער ארויסגעהן דריי מאָל אין מאָנאַט אין סטרייק, איידער איין מאָל אין מאָנאַט צאָהלען דיוס...

א איד וועט גיכער שרייען הוררא פ א ר ' ן סטרייק, איידער „ס'לעבע די יוניאָן!" נ אָ כ ' ן סטרייק.

אַ איד ליעבט די מלאכה פון סטרייקען.

ער האָט דערווייל א געלעגענהייט צו בערעדען און פאַר־רכילות'ן די פיהרער זיינע:

דער האָט אָבגעלעקט א בייגדעל פון סטרייק, יענער איז גע־וואָרען אַן עושר.

דאָס אידישע פאָלק האָט אויך ליעב סטרייקס, ווייל דאָס גיט איהם א געלעגענהייט צו געבען נדבות. א איד האָט ליעב צו זיין א בעל־צדקה, צו האָבען אויף אימיצען רחמנות.

אידישע ארבייטער זיינען גוטע סטרייקער אָבער שלעכטע יוניאָן־לייט.

סטרייקט, מיינע פריינדע, אָבער זייט ניט קיין יוניאָן־לייט!

א יוניאָן – דאָס איז דאָס שטיעף־קינד פון אידישען אר־בייטער: אָט נעהמט ער עס אריין אין זיין הויז און אָט טרייבט ער עס ארויס...

א אידישער ארבייטער — דאָס איז אן ארבייטער אויף דער־ווייל. דער שאָפּ איז ביי איהם בלויז א פּריפּעראַטאָרי סקוהל, וואו ער גרייט זיך צו פאַר קאָלעדזש פון א ג ע ש ע פ ט ע ל.

די רידזשענטס — דאָס זיינען זיינע עטליכע אָבגעסייפטע דאָלארס פאַר וועלכע ער גרייט זיך צו קויפען א סאָדא־וואַסער סטענדעל, א גראָסערקע אָדער א פייפער־ראוד...

און אפשר האָט א איד דערפאַר טאָקע נאָר ליעב צו סטריי־קען, ווייל אין צייט פון סטרייק קען ער זוכען א ב י ז נ ע ס ' ל...

אזוי האָט גערעדט בּאַמפּאַדור.

און די תלמידים האָבען איינמאָל געפרעגט פּאַמפּאַדור'ן, מיט איראָניע, פאַרוואָס ער בענוצט ניט קיין ציטאַטען אין זיינע אַר־טיקלען און ער ווערט ניט וועלט־בעריהמט ביי אידען ווי אַנדערע.

און פּאַמפּאַדור האָט לאַנג ניט געטראַכט און געזאָגט: תלמידים, לאַכט ניט פון ציטאַטען!

ציטאַטען — דאָס זיינען אַ גליק פאַר אַ שרייבער. ציטאַטען— דאָס זיינען שעהנע קליידער גענומען אויף באָרג, מיט וועלכע מען קומט אויף בעלער און באַנקעטען, מען שטאָלצירט ווי מיט איי־גענע און מען נאַרט דעם עולם.

און דאָס נאַרען איז דאָך, נאָך אַלעמען, דער עיקר.

ציטאַטען־שרייבער — דאָס זיינען פּרויען פון ליטעראַטען וואָס רעדען בלויז איבער די חכמות פון זייערע מענער און אַליין פערמאָגען זיי גאָרניט...

ציטאַטען־שרייבער — דאָס זיינען ישיבה בחורים וואָס עסען טעג, היינט ביי דעם, מאָרגען ביי יענעם; היינט אַ ציטאַטע ביי דעם, מאָרגען ביי יענעם...

שרייבען מיט ציטאַטען — איז דאָס זעלבע ווי האָבען אַ הויז אויף אויסצאָהלען, ניט איינצאָהלענדיג אַליין קיין סענט.

און ווילט איהר, תלמידים מיינע, זיין שטרענגער, קען מען זאָגען:

ציטאַטען — דאָס זיינען פאַר מאַנכע שרייבער הסכמות אויף זייער אייגענער עם־הארצות, פּרעמדע היטלען אויף צוצודעקען זיי־ערע אייגענע ליטעראַרישע פּליכעס און שריפטשטעלערישע פּאַר־כעס...

ווי איהר קוקט דאָ אָן פּאַמפּאַדור'ן, איז ער אָפּט שטאַרק מקנא די ציטאַטען־שרייבער.

אַ ציטאַטען־שרייבער דאַרף ניט האָבען קיין טאַלאַנט, נאָר אַ

גוטען זכרון און א פלינקע האנט צו פערבויגען בלעטער פון פרעמדע ביכער.

א שרייבער אהן ציטאטען, מוז דענקען, — און דערום — קנייטשען אויפ'ן שטערען און זארג אויפ'ן פנים.

א שרייבער וואס שעפט פון זיין אייגענעם ברונען — מוז סוף כל סוף אנשעפען פוסטע עמערס. עס טרעפט גאנץ אפט, אז דער ברונען טריקענט אויס.

א ציטאטען־שרייבער קען אבער שרייבען אייביג און בלייבען אימער פריש, יונג און געזונד. פרעמדע ברונימער זיינען דא אהן צאהל... ער האט ניט וואס צו זארגען, א וועלט בעזארגט איהם מיט געדאנקען, א וועלט קנייטשט פאר איהם איהר שטערען.

א שרייבער וואס שרייבט אויף זיין אייגענער אחריות, שרייבט מיט פייער — דערום ברענט ער שנעל איבער.

א שרייבער אבער וואס שרייבט מיט ציטאטען, שרייבט בלויז מיט טינט און טינט איז דא גאנצע ימים...

און אויב די אויפגאבע פון א שרייבער איז צו קריגען די אכ־טונג פון'ם לעזער, ראן קריגט עס אמשנעלסטען דער ציטאטען־שרייבער.

דער לעזער לעזט און שלינגט די ציטאטען און טראכט זיך מיט זיין לעזער־קאפ: דער ציטאטען־שרייבער, ער מוז דאך זיין א זשעני, א קלייניגקייט אזא בקיאות! אזא שיטען מיט נעמען פון גרויסע שרייבער, פילאסאפען, דיכטער און חכמים! אזא בעקאנט־שאפט מיט גרויסע מענשען! ער מוז געווים בעזיצען די גרעסטע בילדונג!

און עס וויים ניט נעביך דער ארימער לעזער, אז ווען ער האט צייט און קען געהן מישען ביכער אין ביבליאטעק, וואלט ער אויך געווארען דער זעלבער חכם, ווי דער ציטאטען־שרייבער.

תלמידים! ווי גוט עס איז צו זיין א ציטאטען־שרייבער! עס איז לייכט, גרינג — א מחיה! ווייסט איהר פון די ספעציעלע ציטאטען־ביכער?

עס זיינען דא עקסטרא ציטאטען־ביכער, וועלכע זיינען פול מיט כל טוב ווי דעפארטמענט סטארס. ווילסטו קאנפוציום — איי

קאנפוציוס! ווילסטו ניטשע — איז ניטשע! ווילסטו סאקראטוס —
איז סאקראטוס! אלץ וואס דו ווילסט איז דארט דא: פון קאנט,
וואלטער, אריסטאטעל, שטירנער, רמב"ם, ספענסער, לייבניץ און
שפינאזא, און ווער ניט?
און האסטו די ציטאטען קענסטו מיט זיי טהאן וואס דו ווילסט.

א ציטאטע מעג אפילו זיין דום און אונפערשטענדליך, וועט
אויך קיינער אייך גאר ניט זאגען, ווייל זי איז דאך ניט אייערע
און איהר זייט פאר איהר ניט פעראנטוואָרטליך.

נאר די קליגסטע ציטאטען־שרייבער, זאגט פאמפאדור, זיינען
די יעניגע וואס ברענגען ציטאטען פון גאנץ אונבעקאנטע קוועלען.
אזעלכע קען מען איבערהויפט קיינמאל ניט כאפען ביים האנט.

קענט איהר דעם פילאסאף בויגעל־כאפער? ווייסט איהר דעם
גרעסטען דיכטער פון אינדיען, בלאפוס־ליגנערוס? האט איהר גע־
הערט פון דעם בעריהמטען כינעזישען דענקער האק־פאק־טשיק־
טשאק?

תלמידים, לאכט ניט פון ציטאטען!
אזוי האט גערעדט פאמפאדור.

ווענען ענג און ברייט.

מיר איז ענג מיט אייך, זאגט פאמפאדור.
ענג ניט צום אויסהאלטען.
פאר וואס?
ווייל — אלע זייט איהר געטער און קליינע מענשען.
ווייל — אלע קענט איהר אלעס און קענט גאר־ניט.
ווייל — אלע פערמאגט איהר גרויסע קעפ און שמאלע הער־
צער, הויכע פערלאנגען און קורצע פליגעל.
ס'איז מיר ענג מיט אייך, מיינע פריינד!

וואס איז ברייטקייט ביי אייך? פרעג איך.

ברייטקייט — זאגט איהר — איז ברייטע צימערען.

ברייטקייט — זאגט איהר — איז א פולע טאש מיט געלט און א זאטער מאגען.

ניין! — זאג איך.

ברייטקייט ביי מיר — איז א קליין צימעריל און א ברייט הארץ.

ברייטקייט ביי מיר — הייסט אן ענגער ווינקעל פאר מיין נשמה.

מיר איז ענג מיט אייך.

ווייל איהר האט ליעב א סך ווינקלען און ניט איינעם!

ווייל אלע לויערט איהר איינער אויף דעם צווייטענס ענג־שאפט.

ווייל איהר קענט זיך ניט אויסצערטלען אליין אן איינען ווינקעל.

ווייל ביי אייך מיינט ברייטקייט — מאכען ענג יענעם.

וואס איז כלל־טהועריי ביי אונז? — אן ענגער חדר מיט א קליין בעטיל און א טוצען באַרדערס.

וואס איז שריפטשטעלעריי ביי אונז? איין מאגערער רזשאב און הונדערט הענד איהם צו קריגען.

א וואו זיינען אונזערע ברייטע פעלדער? אונזערע ווייטע האָריזאנטען?

א וואו איז אונזער בעצאהלטער ווינקעלע פאר יעדען?

א וואו איז אונזער ספעציאליסט אויף איין זאך נאר, א וואו?

אונזער ליטעראטור — איז איין מסחר און הונדערט קרע־מער...

היינט ביזטו א דראמאטורג — בין איך אויך.

מארגען ביזטו א הומאריסט — ווער איך אויך.

אידען דארפען פרנסה — און פרנסה האבען די גוים.

און די גוים, ווי לעבערליך זיי זיינען אין מיינע אויגען!

זיי האבען אלעם פאר יעדען — און ניט יעדען פאר אלעם.

זיי האבען די פיעל צימערען פאר אלע און דאם אייגען וויי־
קעלע פאר יעדען איינעם...
מיר איז ענג מיט אייך, ווייל אייך איז ניט ברייט.
אזוי האט גערעדט פאמפאדור.

וועגען רביים, תלמידים און חסידים.

תלמידים! איך וויים, אז מיינע היינטיגע רעד וועלען אייך
ניט געפעהלען — אבער פאמפאדור׳ן ארט עם ניט.
ניט אום צו געפעלען וועדען רעדט פאמפאדור.
פאמפאדור וויל מיט אייך היינט רעדען וועגען תלמידים און
חסידים. און רעדען שטארק, און רעדען אפען.
פאמפאדור האט ליעב זיין א רבי. אבער ער האט ניט ליעב
קיין תלמידים.

זיין א רבי — הייסט שטעהן העכער פון אלעמען. האבען
תלמידים — הייסט ארונטערצולאזען זיך צו זייערע פוס־בענקלאך.
א רבי צו זיין, איז שעהן. אבער די תלמידים מאכען עס
מיאוס.
ווען ניט די תלמידים, מיט די פערשטאפטע אויערען און שמאָ־
לע קעפ, וואלטען פילע רביים קיין רביים ניט געווען און די וועלט
וואלט ניט געוואוסט פון א סך, א סך איבעריגע תורות און איבער־
דריסיגע לעהרען.

אויב א רבי לייכט אפט ווי א זון פריי און געלטלאז פאר
אלעמען, זיינען אבער די תלמידים ווי עלעקטרישע לאמפען, וואס
ווילען בעצאהלט פאר זייער לייכטען.

אויב א רבי עפענט א ישיבה, וואו ער וויל לערנען דאס פאלק
זיין תורה און טהיילען מיט איהם זיין חכמה.
עפענען אבער די תלמידים נאך איהם קרעמלאך, וואו זיי

פערקויפעו זיין תורה אויפ'ן אונץ, ווי א סחורה, און ווענען דאס נאך דערצו אויף פאלשע וואגען...

א, איהר טויטע תלמידים פון יעזוס. שלוחים אין זיין נאמען. דערמאהנט זיך וואס איהר האט אויפגעטהאן און שעמט זיך!

א, איהר לעבעדיגע תלמידים פון טויטע תורה־געבערס, קוקט זיך ארום וואס איהר טהוט און דעקט צו אייער פנים פון שאנדע!

און דאס זעלבע, תלמידים מיינע, איז מיט חסידות.

פאמפאדור האט ליעב חסידות — אבער האט שרעקליך פיינט חסידים.

פאמפאדור האט ליעב טאלאנטען — אבער האט גאר און גאר ניט ליעב זייערע אנהענגער.

חסידות — איז מעהרסטענס א שעהן געפיהל.
חסידים — זיינען מעהרסטענס מיאוס'ע מענשען.
חסידות — איז אונגעלטליכע ערהויבונג.
חסידים — זיינען קאריעריסטען.
חסידות — איז טיעפקיים.
חסידים — אויבערפלעכליכע מענשען.

דער הויפט פעהלער פון חסידים איז, וואס זיי האבען ליעב אויסטייטשען זייערע רביים, און מעהרסטענס טייטשען זיי אויס פאלש און קאפויר.

און דערהויפט האט פאמפאדור פיינט די אמעריקאנער חסידים פון געהערטע און געשריבענע תורות, פון געלעקטשורטע און גע־דרוקטע חכמות.

איהר בעגעגענט זיך אפט מיט אייערן א לעזער אדער א צו־הערער, אייערער א הייסער חסיד און ווילדער פאטריאט און אייך ווערט פינסטער אין די אויגען. אזוי קליין, גראשענדיג און נישטיג איז דער מענש! און קומט איהר אהיים, נאך אזא בעגעגעניש, ווילט זיך אייך צוברעכען די פעדער, אויסגיסען די טינט, און זיך זעצען שבעה נאך זיך און נאך אייער רוהם.

און צורעדט איהר זיך מיט אזא איינעם, און ער הויבט אן ארויסשיטען פאר אייך זיינע אנשויאונגען וועגען קונסט און לעבען

און דערהויפט זיין מיינונג און מבינות וועגען אייך — דאן פער־ליערט איהר דעם גלויבען אין אייער טאלאנט, דאן הערט איהר אויף אין גאנצען פון זיך צו האלטען — אזוי שלעכט און ביליג פערשטעהען אייך די „לייטע"!

און די מבינות פון די אמעריקאנער חסידים מיינע, ווי איך האס זי!

אמעריקאנער חסידים — דאס זיינען עם־הארצים, וואס טראַ־גען זיך אום מיט אייער נאמען אויף די ליפען, ווי מיט א קנעפּעל פון ארבייטער רינג אויפ'ן לאטץ.

אמעריקאנער חסידים — דאס זיינען די זעלבע טהעאטער־גאַליארקע פּאטריאַטען, נאר אנשטאט פּאטשען מיט די הענט, קליאטשען זיי מיט די ציינגער, און דאס איז נאך ערגער!

און דאס ערגסטע איז, וואס יעדער גדול און קטן — יעדער צונג־רייבער און שמיר־שרייבער האט דאַ א חסיד און א פּאטריאַט, ווי יעדע פעטע אידענע א גוידער, און יעדער רייכער איד א בייכעל.

תלמידים! אויב אומעדום זיינען חסידים עם־הארצים, זיינען די אמעריקאנער חסידים און פּאטריאַטען פון אונזערע שרייבער און גדולים — איבערמענשליכע עם־הארצים.

פּאמפּאדור אנטלויפט פון אזעלכע חסידים.

איהם איז שוין פיעל, פיעל ליעבער זיך צו בעגעגענען מיט א הונגערינגען וואלף איידער מיט אזא פּאטריאַט.

דער וואלף וועט דיך ניט מעהר ווי אויפעסען, אבער ניט פער'מיאוס'ען דאס לעבען, אין דער צייט ווען דיין פּאטריאַט וועט דיר טהאָןביידע זאכען.

פּאמפּאדור האט ליעב חסידות, שטילע, צניעות'דיגע. באוואוג־דערער, וואס רעדען ניט. פּאטריאַטען וואס פּאטשען ניט בראווא און חסידים, וואס לויפען ניט נאך.

די בעסטע חסידים זיינען פאר פּאמפּאדור'ן, די יעניגע וואס ער זעהט ניט.

און צו די בעסטע פון די תלמידים זאגט פּאמפּאדור אזוי: תלמידים! הערט אוים אייער רבי'ן — אבער קריטיקירט

איהם! אכטעט איהם — אבער פערגעטערט איהם ניט! האט איהם ליעב — אדער העננט זיך אויף איהם ניט אן!

דאס שעהנסטע און דאס מענשליכסטע איז צו לאזען דעם רבי'ן אליין.

ווייל בלייבענדיג אליין, פיהלט דער רבי באמת'ן אפט פיעל שטארקער, ווי מיט זיינע תלמידים און חסידים.

און צום אלעם לעצטען, דארף א רבי זיין ווי א שיף וואס פיהרט אייך אריבער דעם ים, ברענגט אייך אויף דער יבשה, לאזט אייך אראפ בשלום, און הייסט אייך געהן אייער וועג.

תלמידים מיינע! זייט וועניגער תלמידים און מעהר מענשען!

אזוי האט גערעדט פאמפאדור, און האט מיט א שמייכעל פאר־לאזען זיינע צוטומעלטע תלמידים.

וועגען אלץ און אלעס.

וואס איז קלייניליכקייט? פרעגט פאמפאדור.

קלייניליך איז א פיהרער וואס מוז זיך קליין מאכען אום גרויס צו ווערען.

קלייניליך איז א פרוי וואס גיט אוועק די גרויסקייטען פון איהר נשמה פאר קליין־געלט.

קלייניליך זיינען מענשען וואס פויקען אימער וועגען אייגענע גרויסקייטען.

קלייניליך זיינען מענשען וואס רעדען אימער וועגען פרעמדע קלייניגקייטען.

וואס איז כבוד? פרעגט פאמפאדור.

כבוד — דאס איז א זאך וואס ביי אונז איז פערבונדען מיט אומכבוד דאס צו קריגען.

כבוד אין אונזער גאס — דאס איז א האספיטאל וואו ס'ליגען

קראנק אונזערע כלל־טהוער, שתדלנים, פאָליטיקער און שרייב־קנעכט פון אלע סאָרטען.

כבוד ביי אונז — דאָס איז א מיסטפעסעל, וואו ס׳ליגען צוזאַמענגעוואָרפען אלע אונזערע שמוציגע געפיהלען און מיסטיגע טהאטען.

פאַר מיר איז א כבוד ווען איך האָב ניט אייער כבוד.

וואָס איז גאַנצקייט ? פרעגט פּאַמפּאַדור.

גאַנצקייט — הייסט ניט דאָס שרייען גאָר אָדער גאָר ניט און דערוויל גאָר נישט טהאָן.

גאַנצקייט — הייסט טהאָן האַלבקייטען און לאַכען פון די האַלבקייטען.

גאַנצקייט — הייסט פערשטעהן די אייגענע האַלבקייט און צושפּליטערטקייט.

איך האָב האַלבקייטען — אבער דאָס לעבען זאָגט : איך גיב דיר נאָר אזוי פיעל וויפיעל איך וויל און ניט וויפיעל דו ווילסט...

ס׳איז טאַקע בעסער א גאַנצער נאַר איידער א האַלבער חכם, אבער פון דעסטוועגען האָט איך דעם ערשטען נאָך מעהרער.

ס׳איז טאַקע בעסער א גאַנצער קאַרגער איידער א האַלבער בעל־צדקה, — פון דעסטוועגען האָב איך דעם צווייטען פיעל ליעבער, ווייל איך קריג דאָך אמאָל פון איהם א טובה...

וואָס איז אונשטערבליכקייט ? פרעגט פּאַמפּאַדור.

אונשטערבליכקייט — איז דער שור־הבור פון די קינסטלער, דער לויתן פון די שעפער.

אבער פּאַמפּאַדור גלויבט ניט אפילו אין מאָדערנע לויתן׳ס און אין נעאָ־מאָדערנע שור־הבר׳ס.

פּאַמפּאַדור לאַכט פון אונשטערבליכקייט.

הויז־מייז, קליינע און גרויסע, קומט און זאָגט עדות פיעל גרויסע ווערק, דיקע ווערק, אונשטערבליכע ווערק האָבען שוין אייערע צייהנדלאָך צוגרייזשעט ?

אונשטערבליכקייט — האָבען אויסגעטראַכט ביטרע שטערבליכע.

פּאַמפּאַדור לאַכט פון אונשטערבליכקייט.

וואס איז איינזאמקייט? פרעגט פאמפאדור.

איינזאמקייט, דאס איז א פארוק פאר פליכעוואטע קעפ...

פיעלע קליינע און מיזעראבלע נשמות נוצען אוים די איינזאמקייט אום צוצודעקען די פוסטקייט פון זייערע נשמות.

איינזאם — איז דער וואס שטאלצירט ניט מיט זיין איינזאמקייט און בלייבט דאך איינזאם אין חער פרעהליכסטער געזעלשאפט.

איינזאם — איז דער וואס שלאגט ניט קיין קאפיטאל פון זיין איינזאמקייט און פערקויפט ניט שטיקלאך איינזאמקייט פאר קליין־געלד צו דער געזעלשאפט.

איך שטאלציר ניט מיט מיין איינזאמקייט און דאך בין איך איינזאם מיט איך!

וואס איז ליידען? פרעגט פאמפאדור.

ליידען — הייסט אימער צינדען פייער אין דער נשמה.

ליידען — דאס איז דער אינערליכער הייצמאטעריאל פאר דער אויסערליכער קעלט.

ליידען — הייסט זיין ניכטער און וויסען פון די ליידען.

עס איז ניט קיין קונץ צו שרייען אז מ׳ליידט און זיצען איבער׳ן טרינק־טיש.

עס איז ניט קיין קונץ — פערגיסען ליידען מיט וויין און ליקער.

ליידען זיינען העכער פון דעם בעכער פון דעם שכור און דעם שטאפער פון דער שאמפאניער־פלאש וואס פליהט ביז׳ן באלקען...

ליידען — הייסט, וויסען אז מ׳ל י י ד ט.

תלמידים מיינע! איך מוז ליידען.

תלמידים מיינע! איך זוך צו ליידען.

אזוי האט גערעדט פאמפאדור.

וועגען פרעמיומס און ביזנעס.

איך האב פיינט פרעמיומס — זאגט פאמפאדור.

א פרעמיום — דאס איז די פישער־נעטץ אויפ'ן טוכלען טייך פון לעזער־פאנגעריי...

א פרעמיום — דאס איז אן אנטליהענער מאנטעל אויף צו פערדעקען די ניט גאר שעהנע פארמען פון אייגענעם קערפער...

א פרעמיום — דאס הייסט בעהאלטען זיך הינטער דער פליי־צע פון א שטארקען...

און ווי טיעף אונזערע ביכער־פעדלער און אידעאלען פערקוי־פער פערשטעהן דעם עסק.

זיי האלטען אין איין געבען פרעמיומס.

פיל אן דיין זשורנאל מיט שוואכץ און בטלנות, נאר גיב א פרעמיום — און דו ביזט ניצול, פון בייזע מבינים און ע פ ע ס פערלאנגער...

רעד ניט וועגען דיין צייטונג — א ד וו ע ר ט י י ז נאר די פרעמ־יום, רעד נאר וועגען דער פרעמיום — און דו וועסט האבען ער־פאלג אויפ'ן מוטנעם טייך פון לעזער־פאנגעריי...

אזוי האט גערעדט פאמפאדור.

וועגען בעלאנגען און ניט בעלאנגען.

און פון אלע זייטען האט מען גערופען פאמפאדור'ן ער זאל צו עפעס בעלאנגען: שליסט זיך אן אין „ארב. רינג" ! קומט אריין אין „עדת ישראל!" ווערט א מעמבער ביי די מינסקער ! צאהלט איין אין דער יוניאן פון פאעטען ! א. ז. וו., א. ז. וו.

און פאמפאדור האט געענטפערט.

פריינד! בעלאנגען צו א פעראיין, הייסט אנשליסען זיך אן קליינע גארנישטען און דארום וויל איך בעסער בעלאנגען צום טאטען פון אלע גארנישטען — צום גארנישט אליין.

א פעראיין הייסט — נארישקייט בשותפות, מחלוקת — מיט א קאנסטיטוציע און אונארדנונג — מיט א פרעזידענט.

בעלאנגען צו א פעראיין — הייסט, האבן מיט וועמען זיך צו קריגען און איז דען אייך ווייניג די ווייב אין דער היים?

בעלאנגען צו א פעראיין — הייסט, צאהלען „דיום" צו א טרעזשורער, וואס וועט זיכער אנטלויפען און ווארום זאלט איהר וועלען ברענגען א אידען צו אן עברה?

בעלאנגען צו א פעראיין — הייסט, האבן נאכ'ן טויט בעשטימטע פיער איילען ערד און דאס מיינט: זיין געבונדען צו שטארבען נאר אויף דיזען און דיזען פלאץ און ווארום זאלט איהר עס טהאן, ווען איהר האט פאר זיך א גאנצען ערד־קוגעל צום אויסוואהל?

און זייט ניט אין כעס אויף מיר, פריינד מיינע!

פאמפאדור איז פאר א פעראיינלאזע מענשהייט.

א פעראיינלאזע מענשהייט — הייסט, ביי פאמפאדור'ן, א מענשהייט א געזונדע, וועלכע קען זיך חבר'ן נאר מיט דער נאטור, האלטען מיטינגען אין וועלדער און האקען זיך אליין א קבר פון א שטיין.

פאמפאדור האלט זעהר פון דער חברה פון ביימער, וואס שאפען זיך אהן א פרעזידענט, פון זילבער־טייכען, וואס פליסען אהן רעבאטען...

פאמפאדור וויל זיינע נעכט פעראייניגען נאר מיט דער לבנה און שטערען.

און נאך אמאל: זייט ניט אין כעס אויף פאמפאדור'ן.

פאמפאדור האלט, אז בעסער שוין צו זיין שוואך פאר זיך איידער שטארק מיט הונדערטע שווינדזיכטיגע סאסייעטי־ברידער.

בעסער טרינקען אליין וואסער פון א בלאטע, איידער פלעשער ביער מיט א חברה און נאכהער קריגען די פלעשער אין קאפ...

אָ, איהר פערסאָסייטעוועטע ברידער און שוועסטער מיינע, ווען איך וואָלט מיט אייך קיין מיטלייד ניט געהאט וואָלט איך אייך געהאסט.

אוי די „פאָינטס אָוו אָרדערס“! אוי די וואסער פאר די טשער־לייטע! אוי די האמערס און די נעכט פון קריעג און מחלוקת!

ווען מ'וואָלט דעם פייער, וואָס מען פערשווענדט אויף „פאָינטס אָוו אָרדערס“ צוזאמענגעבראכט אין איין אָרט, וואָלט מען געקענט פערברענען די אלטע וועלט אפילו מיט איהר גאנצען שימעל, און אויסברענען א נייע וועלט...

ווען מ'וואָלט דאָס וואסער, וואָס די טשערלייטע טרינקען אויס ביי די מיטינגען, פערנוצט אויף צו בעווענען מיהלען, וואָלט מען געקענט בעשפייזען א וועלט מיט פאָעטען.

ווען מ'וואָלט די קראפט פון די אויסגעקלאפטע האמערס אי־בערגעגעבען אין די הענד פון גוטע שמידען, וואָלטען זיי זיכער געקענט אויסשמיעדען דעם האמער פון בעפרייאונג אָדער, אם וועניגסטענס, מיליאָנען־מיליארדען פאָדקאָוועס פאר פערד.

ווען די אלע סאָסייעטי־ברידער וואָלטען זייערע נעכט אָב־געקריעגט זיך מיט דער ווייב אין דער היים אנשטאט אין די לאָ־קאלען, וואָלטען אלע „באָרדערס“ געמוזט תנובה האבען און די מענשהייט וואָלט איצט געהאט א דאָפּעלטע בעפעלקערונג...

תלמידים מיינע! ווילט איהר לעבען אינטערעסאנט? — דאָן ערוועהלט א פּרעזידענט פון אייער גייסט, פאָלגט נאָר דעם האַ־מער פון אייערע געפיהלען, האָט מיטינגען מיט אייערע געדאנקען, מאכט „פאָינטס אָף אָרדער“ בלויז צו אייער געוויסען און צאָהלט „דיוס“ בלויז צו אייערע דורכלעבענישען — און איהר וועט האבען דעם שעהנסטען פעראיין פון בעלאנג צו זיך אליין.

תלמידים מיינע, דער עיקר — זייט פריי! פעראייניגט זיך אפילו ניט מיט קיין פרוי — ווייל א פרוי, ווי א בענעפיט־פעראיין, וויל נאָר האבען דעם בענעפיט פון אייך און ווייטער האָט זי אייך אין „שאָפּ“.

אזוי האָט גערעדט פּאָמפּאַדור.


HAUPTMANN
אויף די הארטע שטיינער פון שטאט

— שעהמט זיך ניט, תלמידים מיינע! — זאגט פאמפאדור.

שעהמען זיך היינטיגע צייטען, איז דאס זעלבע, וואס ארויס־געבען א ליטעראַרישען זשורנאל פאר אידישע לעזער: צו ביידע מוז מען דערלעגען.

שעהמען זיך היינטיגע צייטען, איז דאס זעלבע, ווי צו עפע־נען א קרעמיל פון טלתים, מחזורים, סדורים און מזוזות צווישען איידישע און ערוואַרטען ערפאלג...

דאס גאנצע מענשליכע לעבען איז היינט א פיראַמיד פון חוצפה, אן „עיפעל־טהורעם" פון עזות'קייט — זעהט ווי שעהן, ווי הערליך דאס איז!

דער מענש ווערט געבוירען אן עזות־פנים; מאכט גוואלדען, איידער ער האט נאך די אויגען געעפענט, א פאר ברילען געקויפט צו זעהן, צי איז דא פאר וואס צו גוואלדעווען...

וואס איז בושה? — פרעגט פאמפאדור.

זאגט מיר ניט, אז דאס איז קינדערשע נאאיוויטעט; זאגט מיר ניט, אז דאס איז מיידעלשע ריינקייט; זאגט מיר ניט אפילו, אז דאס איז מענערשע עהרליכקייט — גיכער פון אלץ איז דאס שוואכקייט פון כחות...

און ווייטער אמאל רופט פאמפאדור: שעהמט זיך ניט! בושה — דאס איז א שטאַרקע שלאס אויף דער טהיר פון גליק, וואס דער כיטרער טייפעל האט אויפגעהאנגען, כדי צו מאכען שפאס מיט'ן מענשען. נעהמט איהם אראפ!...

חוצפה — דאס איז אן אפענע טהיר צום פאלאַץ פון ער־פאלג; געהט גלייך, און נעהמט וואס אייך קומט...

חוצפה — דאָס איז דער חויכער בוזים פון א פרוי, וואָס פערשטעהט איהר ווערטה אויפ'ן מאַרק פון לעבען און לוסט...

שעהמען זיך, מיינע פריינדע, הייסט, ניט לעבען, נאָר קרעכ־צען: הייסט, ניט בעוועגען זיך, נאָר שימלען...

שעהמען זיך — הייסט זיין אן אבל אויף דער אייגענער חתונה: הייסט, קומען צו א טיש מיט גוטע מאכלים, איבערלאָזענ־דיג דעם אפעטיט אין דער היים.

אז מען שעהמט זיך קען מען אפילו ניט ליעבען.

ווייל ליעבען הייסט — וואגען: און וואגען איז די מוטער פון חוצפה...

גרויסע שטאָדט, איך פערהייליג דיך! נאָר אין דיר ליעגט בעהאַלטען דער גרויסער אוצר פון חוצפה!

דער טומעל, דער הו־הא — דאָס איז דער נצחון פון א זונה בעלעבטער איבער דעם צניעות'דיגען שמייכעל פון א דאָרף'ס מיי־דעל...

די הימעל קראַצערס, — דאָס איז דאָס חוצפה'דיגע רייסען זיך צו די הימלען פון לענדלאָרד'ן־גייסט און עם־הארצות...

חוצפה און עזות, — דאָס זיינען היינט־צו־טאָג אויף די חופה־אונטערפיהרער פון'ם טאַלאַנטלאָזען.

ווען א טאַלאַנט ווערט היינט געבוירען, פערטרויט איהם גאָט א סוד: בענוץ ניט דיין טאַלאַנט, אויב דו ווילסט מ א כ ע ן א ל ע ב ע ן.

און דער טאַלאַנט פאָלגט גאָט'ס עצה און ער ווערט א בילי־גער דעקלאַמאַטאָר אויף גראָשענע קאָנצערטען, אן אקטיאָר אין א וואָדעוויל הויז — און פערקויפט זיינע שעפּפונגען פאר ביליגע אפּלאָדיסמענטען...

חוצפה — דאָס איז היינט דער יוניאָן־לייבעל אויף דעם מאַנטעל פון טאַלאַנטלאָזיגקייט!

אין בושה נויטיגט זיך היינט קיינער ניט.

קיינער שעהמט זיך שוין ניט מעהר חוץ דעם אקטיאָר, וואָס דאַרף שפּיעלען אויף דער ביהנע די ראָלע פון א שעהמעוודיגען פערליעבטען...

קיינער ווערט שוין היינט ניט רויט. און, זעהט איהר, א פרוי וואס ווערט רויט אין געזעלשאפט, טא זוכט דעם סוד דערפון אויף די פאליצעס פון אן אפטייק.

תלמידים מיינע! דאס לעבען איז אן אייביגער דועל צווישען טומאה און קדושה, חוצפה און בושה, און אימער זיעגט די בושה און אימער איז גובר די חוצפה.

און ווארום זאלט איהר זיין די בעזיעגטע?...

אזוי האט גערעדט פאמפאדור.

ווענען קראנקע און געזונדע.

און צו פאמפאדור'ס אויערען האט דערגרייכט א בשורה, אז א געוויסער דאקטאר האט געפונען א זיכערען מיטעל צו שווינד־זוכט, און א וואלקען פון מרה שחורה האט זיך פערשפרייט אויף זיין פנים און ער האט צו זיינע תלמידים אזוי געזאגט:

תלמידים, איהר קראנקע שעפעלעך מיינע, איך בין יעצט אר־מעטיג און ווייסט איהר פאר וואס? —

ווייל איך בין געגען דער אבשאפונג פון קראנקהייטען.

וואונדערט זיך ניט, הערט וואס פאמפאדור וועט אייך זאגען:

קראנק זיין — הייסט שרעקען זיך, און שרעקען זיך איז די שעהנקייט פון לעבען און געניסען: פרעגט די אשת־איש'ניקעס און זיי וועלען אייך זאגען...

זיכערהייט — הייסט שמאלץ אויפ'ן קערפער און שווינדזוכט אין גייסט; און מעהר פון אלץ שרעק איך זיך פאר שווינדזוכט פון גייסט.

שרעק — דאס איז א שפאנענדע פאררעדע צום בוך: פ ע ר־ש ו ו י נ ד ע ן, דער קארידאר צום פאלאץ פון אייביגען סוד—וואס הייסט טויט — און זעען ניט די מורא פאר'ן טויט וואלט דאס לע־בען געווען א לאנגער גענעץ פון אן אויפגעקומענעם גביר.

נעהמט אוועק די שרעק פון דעם מענשענ׳ס נשמה, און זיין הארץ וועט אנהויבען שימלען ווי אן אלטער זעמעל.

זיין געזונד — הייסט זיין ברוטאל, הייסט זיין א פיזישע טאבט, הייסט זיין מעהר חיה ווי מענש.

זיין קראנק — הייסט זיין מעהר גייסט ווי קערפער, מעהר גאט ווי מענש.

פאמפאדור קען זיך ניט פארשטעלען א גאט מיט רויטע באקען און א שמאלציגען קארק ווי א ביי א פאליציסט.

קראנקהייט — איז אידעאל, מאראל, אינערליכע שעהנקייט און פאעזיע.

און פאעזיע — דאס איז די מוזיק פון א קראנקער נשמה.

געזונדע מענשען שרייבען ניט קיין ליעדער.

ליעבע — דאס איז דאס רעדען פון היץ, פון א פערוואונדעטער נשמה.

געזונדע מענשען חלום׳ען ניט אפילו, און נעהמט אוועק פון דעם מענשענ׳ס בעטעל זיינע חלומות און עס בלייבט א געלעגער פון א בהמה...

קראנקהייט — דאס איז אן אונגארמאלער פולס, — און אן אונגארמאלער פולס מיינט קאמפף.

שווינדזוכט — דאס איז דער לאנגזאמער טריקענען פון די ביינער: דאס איז די פ י ל א ז א פ י ע פון קערפער — און אהן פילאזאפיע וואלטען מיר ניט געוואוסט אז דאס לעבען טויג אויף כפרות...

שווינדזוכט — דאס איז דאס פריוואט אייגענטהום פון די ארבייטער, נעהמט עס ביי זיי אוועק און זיי וועלען ווערען פריי — און א פרייער ארבייטער־קלאס איז א געפאהר פאר דעם קלאס פון קאפיטאליסטען...

איך בין סתם געגען זיכערע ערפינדונגען אין דער מעדיצין. דאס קען שאדען די דאקטוירים. און דאקטוירים, זיינען דער פונדאמענט פון דער הערליכער געביידע וואס הייסט ל י ־ ג ע ן און דעם ליגען מוזען מיר אויפהאלטען, כדי מיר זאלען ניט זעהן דעם אמת, וועלכער איז ניט געזונד פאר די אויגען.

קראַנקהייט איז היץ — און שטעלט זיך פאַר, תלמידים מייַנע, וואָס פאַר אַ פּנים די מענשהייט וואָלט געהאַט, ווען מען שאַפט אָב דאָס היצען זיך.

אוואו וואָלטען מיר געהאַט דאַן די רעוואָלוציעס, קאָנסטיטוציעס און בעוועגונגען?

תלמידים מייַנע, זייט קראַנק! קראַנקהייט — איז רחמנות.

אַ קראַנקע, רייכע מוטער איז אַמאָל געגאַנגען שווער צו קינד, האָט זי געבאָרען אַ קאַליקע און מען האָט עס אַ נאָמען געגעבען רחמנות.

אָהן רחמנות וואָלט אונזער געזעלשאַפט אויסגעזעהן ווי אַ פּאַיאַץ אָהן אַ היטעל מיט גלעקלעך, און ווי אַ רחמנות־שוועסטער אָהן אַ ווייסען פאַרטוך...

איך בין פערליעבט אין קראַנקע...

אַלץ וואָס וועהטאָגט ניט איז גאָר ניט ווערטה.

אַ האַרץ אָהן וואונדען איז אַ זייגער אָהן אַ שליסעל צום אַנציהען — עס איז ניט ווערטה צו טראָגען אונטער'ן זשילעטקע.

אַ האַרץ וואָס בלוטעט ניט — איז אַ פּראָצענטניק־האַרץ, אַ האַרצלאָזעס האַרץ.

און וואָלט איהר דען געוואָלט זיין פּראָצענטניקעס?...

אפילו אַ קאָפּ מוז אַמאָל וועה טהאָן — ווען ניט איז דאָס אַ צילינדער־הוט פון אַ בעל עגלה און ניט קיין קאָפּ...

אפילו אַ קאַרטאָפעל וואָס איז פיעל קלענער ווי אַ קאָפּ, פּיהלט אויך וועהטאָג, ווערט קראַנק און הויבט אָן פוילען...

תלמידים מייַנע! איך בין פאַר אַלע קראַנקהייטען, אָהן אונטערשיעד.

אַ געזונדע מענשהייט — איז פּעראורטהיילט צום אייביגען שקלאַפען, ווייל נאָר די יעניגע זייַנען שקלאַפען, וועלכע האָבען ניט קיין קראַנקע נשמות...

דאָקטוירים! נעהמט ניט אוועק ביי דער מענשהייט די שרעקען פון קראַנק־ווערען!

דאָס איז די איינציגע שעהנע זאַך, וואָס איז איהר נאָך געבליבען חוץ דעם שאַקעל־שטוהל און סיגאַרען־רויך.

פערוואונד און הייל, שלאג און קוריר! — דאס איז דער איי־ביגער שפיטאל־צושטאנד פון לעבען.

תלמידים מיינע! איך היים אייך זיין קראנק...

אזוי האט גערעדט פאמפאדור.

**וועגען גאסען־קעהרער און זינד.**

איך בין געגען גאסען־קעהרער, — זאגט פאמפאדור.

גאסען־קעהרער — דאס זיינען שווארצע יעזואיטען, וואס קליידען זיך אין ווייסען, אום אונז צו נארען.

גאסען־קעהרער — דאס זיינען מענשען, וואס פערדעקען זייער אייגענעם שמוץ, זוכענדיג פרעמדען.

גאסען־קעהרער — דאס זיינען ריינקייט־ספעציאליסטען פאר — שכירות.

איך בין פאר מיסט.

ווען מען קען ניט האבען קיין בלומען טעפ אויף יעדען פענס־טער — טא זאל בליהען די מיסט ביי יעדער טהיר.

ווען מ׳קען ניט אוועקנעהמען דאס מיסט פון יעדען פלאץ,— טא זאל עס בלייבען אומעדום.

איך בין געגען ריינקייט.

ריינקייט איז די מוטער פון שעהנקייט, וועלכע די גרויסע שטאדט האט שוין לאנג פערניכטעט.

שענקייט — מיינט א ברייט פעלד און א ברייט הארץ, און דאס לעבען פון דעם הייגטיגען מענשען איז אזוי ענג און שמאל, ווי דער אריינגאנג אין א טונעל.

קען מען איגנאנצען אוועקנעהמען דעם שמוץ? — פרעגט פאמפאדור.

און ער ענטפערט: ניין! —

ראמט איהם אוים פון איין ווינקעל — ווערט ער געבוירען

אין א צווייטען; נעהמט איהם אוועק פון אונטער'ן טהיר — בע־האלט ער זיך אונטער'ן בעט.

רייניגען שמוץ, תלמידים מיינע, איז בלויז א בעצאהלטע שטיקעל ארבייט פאר קהל'שע קליאמקעס.

אומזיסט ראמט מען און אומזיסט רייניגט מען, כל זמן מענשען מוזען זיך טאג־טעגליך פון־דאס־ניי פערפאטשקען.

אומזיסט זיינען אלע אונטערזוכונגס־קאמיסיעס: פערטרייבט מען די זינד פון מזרח־שטאדט — מופט זי אין מערב־שטאט; פעריאגט מען זי פון בארג — קלייבט זי זיך אריין אין טהאל.

אויב ביי די רייכע איז ריינער אין די הייזער, איז דאס צוליעב דעם אויסגעשמירטען הויז־אויפזעהער.

בלאטע און שמוץ זיינען די ליעבלינג־קינדער פון דער היינטי־גער ארדנונג; זיי זיינען נויטיג אום אויפצוהאלטען דיעזע ארדנונג, ווי ס'איז נויטיג רויב און פאליציי...

די גאנצע געזעלשאפט איז א דעפארטמענט־סטאר פון שמוץ.

ארימקייט — איז א פאלקס־אויסגאבע פון שמוץ.

רייכטהום און לוקסוס — איז שמוץ אין א פראכט־אויסגאבע.

צניעות — איז פערדעקטע שמוץ.

פערשייטקייט — איז דעקאלטירטע שמוץ.

זנות — איז שמוץ אהן א פייגענבלאט.

פאמיליען־לעבען — איז שמוץ מיט א באנדאראל.

נעהמט אראפ דעם באנדאראל, מיינע פריינד, און איהר וועט געפינען דעם קאנטראבאנד...

און רחמנות האט פאמפאדור געהאט מיט די ארימע, וואס גראבלען זיך אין די מיסט־הויפענס און ער האט אזוי צו זיינע תלמידים גערופען:

תלמידים מיינע! נעהמט ניט אוועק די מיסט־פעסלאך פון אייערע הייזער כל־זמן מענשען דארפען דארט זוכען חיונה...

און נאכאמאל האט ער צו זיינע תלמידים גערופען:

תלמידים מיינע! פיינט האב איך תכלית־שנאה די שמוץ, וואס מען האלט אונטער'ן בעט! — ווארפט עס ארויס אין גאס, אויף דער זון ווארפט עס ארויס, שעהמט זיך ניט!

יעדער פון אונז איז א שמוץ־וואַרפער: איינער וואַרפט עס בייגאַכט, ווען אַלע שלאָפען און א צווייטער — בייטאָג, מיט טו־מעל און ליאַרעם.

איינער וואַרפט עס איינגעוויקעלט אין א צייטונג און דער צווייטער — שרייבענדיג אין א צייטונג.

איינער וואַרפט עס פון א פענסטער און דער צווייטער — פון א ביהנע.

איינער וואַרפט עס אויף זיין אייגענער רעכנונג און דער צוויי־טער — אויפ'ן חשבון פון קהל...

דער סך־הכל איז, אז אַלע רייניגען זיך אויף דעם חשבון פון'ם צווייטען.

אזוי האָט גערעדט פּאַמפּאַדור.

**ווענען מענשען און חיות.**

אַלץ אין דער וועלט איז פערקרימט, פערמישט און צומישט, זאָגט פּאַמפּאַדור.

קיין אָריגינעלע זאַכען זיינען ניטאָ און דאַרפען ניט זיין.

די וועלט האַסט אָריגינאַליטעט.

אין יעדער חיה איז דאָ עטוואָס מענשליכעס, און אין יעדען מענשען איז דאָ א היבשער טהייל חיה... א פערד האָט עהנליכקייט צו אן עזעל און א עזעל האָט אין זיך סמנים פון א פער'עקשנ'טען טהעאָרעטיקער. פאַראַן אויפגעקומענע גבירים, וואָס קוקען אויס זוי גענאָסען, און גענאָסען — וואָס קוקען אויס ווי לענד־לאָרדס.

פאַראַן פילאָזאָפען, וואָס האָבען א פּנים פון האָליץ־העקער, און פאַראַן שניידער־יונגען, וואָס קוקען אויס ווי אמת'ע דיכטער...

אַלץ איז צומישט.

אָריגינעל זיינען בלויז היינט־צו־טאָג די משוגעים, און דאַ־רום זיצען זיי טאַקי אין די משוגעים־הייזער. יעדער מענש האָט

איז זיך „עפּעס“ פון א צוווייטען, דער אָריגינעלסטער מענש איז נאָר דער צוקונפט־מענש, ווייל ער איז נאָך ניט געבוירען געוואָרען...

קיין אָריגינאַליטעט איז ניטאָ!

לעבסטו לאנג מיט דיין פרוי, קריגט זי ד י י ן פּנים און דו — א י ה ר פּנים און איהר האָט ביידע ק י י ן פּנים ניט...

— האָט א חזיר א נשמה? — פרעגט פּאַמפּאַדור.

און ער אליין ענטפערט: י ע!

ווייל יעדע נשמה, מעג זי זיין ווי געלייטערט, האט אין זיך א היבשען פּראָצענט חזיר. און יעדער חזיר האט אין זיך א טהייל נשמה.

האָט א מענש הינטישע טרייהייט — פרעגט פּאַמפּאַדור.

און ער אליין ענטפערט: יע.

ווייל טרייהייט איז א הינטישע זאַך.

ווייל פרייע, זעלבסטשטענדיגע בעשעפּענישען זיינען בלויז טריי זיך אליין; האוועקען אין זייערע אייגענעביידלאַך און גריזשען נאָר ביינער, וואָס דער בעל הבית וואַרפט זיי צו...

טרייהייט — הייסט שקלאַפעריי...

זיי ניט אָריגינעל, מיין פריינד, ווייל דאָס וועט זיך דיר ניט בעצאָהלען.

דו זיי בעסער א נאָכקרימער.

די נאָכקרימער — די זיינען היינט־צו־טאָג די קעניגע אויף די טראָהנען פון קונסט.

וואויל איז די נאָכקרימער!

דאָס פאָלק האָט זיי ליעב, דאָס פאָלק פערשטעהט זיי און, וואָס דאַרפסטו נאָך מעהר, ווי דאָס בעגייסטערונג פון פאָלק?

דער עולם וויים ניט פון אָריגינאַליטעט.

געלינגט דיר דיין נאָכאַהמונג, זאָגט דער עולם: זעהט! ווי שעהן ער שרייבט דאָס, ווי גוט ער שרייבט דאָס! געלינגט דיר אמאָל ניט, האָט מען צו דיר אויך ניט קיין טענות! — ביזט דאָך ניט מעהר ווי א נאָכאַהמער...

די נשמה פון א מענשען איז היינט־צו־טאָג בלויז א נאָכקרי־מעניש נאָך א נשמה, וואָס איז ערגעץ געווען אמאָל — אמאָל...

פריינד! זייט אוראַנג־אוטאַנגען און איהר וועט האָבען אָ ר י ג י נ ע ל ע ן גליק אין לעבען...

אזוי האָט גערעדט פּאַמפּאַדור.

**וועגען שפּיגלען און פרויען.**

תלמידים מיינע! צוברעכט די שפּיגלען!

אַלע שפּיגלען זיינען ליגנער: א יום־טוב׳דיגער ליגנער — איז א סאַלאָן־שפּיגעל, א וואָכעדיגער ליגנער — איז א קיך־שפּיגעל, א פּאַטעטישער ליגנער — איז א געשליפענער שפּיגעל, א בוזים־פריינד־ליגנער — דאָס איז א קעשענע שפּיגעלע.

צוברעכט אַלע שפּיגלען!

א שפּיגעל — דאָס איז אויבערפלעכליכקייט אַנשטאָט פער־טיעפונג, פּנים אנשטאָט הארץ, פּוסטער גלאַנץ אַנשטאָט ערנסט און געפיהל.

א שפּיגעל — דאָס איז א חניפה פאר דיין אייגענע פּוסטקייט, דאָס איז א וויעגבעטעל פאר דיין עגאָאיזם; ווי שעהן דו ביזט, נארט דיך דער שפּיגעל און דו מיינסט ס׳איז אמת און דו לויפסט טהאָן מיאוס׳ע זאכען...

א שפּיגעל — דאָס איז דער פּאַנאָגראַף, וואָס האָט אין זיך גאָר ניט קיין אייגענס, נאָר ער גיט דיר צוריק דאָס, וואָס דו ג י ס ט א י ה ם...

א שפּיגעל — דאָס איז רעצענזיע אַנשטאָט קריטיק, אויבער־פלעכליכע מ ב י נ ו ת אַנשטאָט אבשאצונג.

צוברעכט אַלע שפּיגלען!

ווען ניט דער שפּיגעל וואָלטען די מענשען זיך געלערענט ט י ע פ ע ר צו קוקען...

אַ געוועהנליכער שפּיגעל ציייגט דיר מעהר ניט ווי דיין פּנים, אַ גרעסערער בעוויזט דיר אויך דיין פיגור, אַ סאַלאָן־שפּיגעל ציייגט דיר אפילו דיינע שיך — אָבער ס'איז ניטאָ קיין שפּיגעל, וואָס זאָל אָבשפּיגלען דיין נשמה.

אַ שפּיגעל — דאָס איז די ערפינדונג פון טייפעל. ווען דער טייפעל האָט ערפונדען דעם שפּיגעל, האָט ער אַזוי געזאָגט: זאָל דער מענש זיך אָנקוקען און מיינען, אַז ער איז ע פּ ע ס. און איך וועל דערווייל טהאָן דאָס מ י י נ י ג ע.

אַ שפּיגעל, ווי אַ קאַלענדאַר, איז דער רויבער פון דיינע טעג, דער עדות פון דיין אַלטקייט, דער בוכהאַלטער פון די קנייטשען אויף דיין שטערען.

אַ שפּיגעל — דאָס איז די פרייד פון די, וואָס האָבען פולע באַקען און ניט פון די וואָס האָבען פולע הערצער.

נעהמט אַרויס אַלע שפּיגלען פון די הייזער! — רופט אויס פּאַמפּאַדור.

וואָס מעהר שפּיגלען עס געפינען זיך אין אַ הויז, אַלץ ווייניגער שפּיגעלט זיך דאָרט אָפּ דער שלום־בית.

אַ שפּיגעל — דאָס איז אונזער היינטיגע קולטור, וואָס גלאַנצט אַזוי שעהן פון פאָרענט און איז אַזוי פערשטויבט פון הינטען.

צוברעכט אַלע שפּיגלען און קוקט דער וועלט גלייך אין פּנים אַריין!

און פונקט ווי די שפּיגלען, אַזוי זיינען די פרויען:

די פרוי איז דער שפּיגעל פון אונזער גייסטיגען צושטאַנד. ווייז מיר די פרוי, אין וועלכער דו ביזט פערליעבט, און איך וועל דיר זאָגען וואָס פאַר אַ פּנים דו האָסט.

פון אַ פרוי, ווי פון אַ שפּיגעל, האָבען מיר זיך ליעב צו לאָזען נאַרען.

אַ שפּיגעל, — ווי דאָס האַרץ פון אַ קאָקעטקע, — איז קאַלט, אָבער גלאַנציג און אָנציהענד.

די נשמה פון אַ פרוי איז ווי דאָס גלאָז פון אַ שפּיגעל: אַ

הויך מיט'ן מויל, ווערט עס פערדונקעלט און דו זעהסט שוין גאר נישט...

די ליעבע פון א פרוי איז ווי דאס גלאז פון א שפיגעל. עס ווערט לייכט פערשטויבט און דו דארפסט עס האלטען אין איין רייניגען...

א פרוי, ווי א שפיגעל, דערזעהן באלד די ערשטע גרויע האר אין דיין קאפ.

פאמפאדור וויל נעהמען דעם ים פאר א שפיגעל. ער וויל זיין ווי די זון און זיך שפיגלען אין די טיעפע טיעפענישען פון די ברייטע וואסערען.

פאמפאדור וויל זיין ברייט און ריין ווי דער הימעל. ער וויל זיך שפיגלען אין די ענדלאזע וועלטען.

פאמפאדור'ס גייסט איז געהיימניספול ווי אן אור־אלטער וואלד. ער האט ליעב שאטענס, געהיימע גייסטער און סודות און וויל צומאל ניט ענטדעקען דעם סוד פון זיין אייגען פנים.

תלמידים מיינע! צוברעכט אלע שפיגלען!

אזוי האט גערעדט פאמפאדור.

ווענען קליידונג און נאקעטקייט.

טהוט זיך אויס נאקעט, זאגט פאמפאדור!

קליידונג — דאס איז דער פוסטער גלאנץ.

נאקעטקייט — דאס איז די נאטור, די קינדהייט, די אונשולד...

שוין צופיעל איז דער מענש אנגעפעלצט, שוין צופיעל קליידער טראגט אויף זיך דער מענשליכער קערפער — און פון דערפון נעהמט זיך די שווערע משא אויף זיין נשמה.

נאקעטקייט — דאס איז די ניט פערדעקטע קערפערליכע שעהנקייט. ווען דער מענש האט געקראגען אן א ו י ס ש י ט

אויפ׳ן לייב ערשט דאן מסתמא האט ער זיך פערדעקט מיט שמאַ־טעס...

מענשען, וואָס זיינען געבענשט מיט ריינקייט פון קערפער, דארפען ניט מורא האבען פאר עין־הרע, האבען זיך ניט וואָס צו פערדעקען און דארפען זייערע נשמות ניט איינהילען אין מאנטלען.

תלמידים מיינע, איך בין פאר ענטבלויזונג!

איהר זאגט: אז פערדעקען דארף מען דאס וואָס איז מיאוס, און איך זאג: אז דאס מיאוס׳ע אין מענשען קען מען ניט פער־דעקען...

קליידונג — דאס איז דאס קינד פון גאס.

נאַקעטקייט — דאס איז דאס קינד פון הויז.

אייניגע מענשען האבען בלויז איין העמד אויפ׳ן לייב. אָבער זייער נשמה פערמאָגט מיליאָנען — און אנדערע האבען שראנקען מיט קליידער און זייער גייסט איז נאקעט ווי א בוים אום ווינטער.

ווען אלע מענשען וואָלטען אנגעפאנגען געהן נאקעט, וואָל־טען מיר קיין סטרייקס פון שניידער ניט געהאט און אפילו קיין שניידערישע פּאָעטען...

דער מענש וואָלט אנשטאט שווער ארבייטען אריינצוציעלען די פאָדים אין נאָדעל, געציעלט צו העכערע ציעלען...

ווען מענשען וואָלטען זיך דערזעהען נאך אמאָל אין גאנצען נאקעט, ווי אין די ערשטע ווילדע צייטען, וואָלטען זיי ערשט איינ־געזעהן, ווי ווייט ווייניג זיי האבען פראגרעסירט פון אדם הראשון׳ס פייגען־בלאט גארטעל ביז געפרעסטע הויזען, און ווי ווייניג רייכ־טהימער עס פערמאָגט זייער נשמה, א חוץ די רייכקייט פון מאָ־דעס און ציערונג אויפ׳ן קערפער...

נאַקעטקייט — דאס איז ערלייכטערונג, פריעדען און שלום־בית. מענשען נאקעטע וועלען דארפען ווייניגער האבען און ממילא וועלען זיי ווייניגער דארפען אליין שקלאפען און פערשקלאַ־פען אנדערע...

נאַקעטקייט וועט אויך זיין דער צורוף צו אמת׳ער ריינער

ליעבע. נאקעטע געשלעכטער וועלען אדער קניען פאר דער שעהנ־קייט פון קערפער, פערהייליגען דאס פלייש און בלוט, אדער זיי וועלען בלויז פערגעטערען די נשמה... אבער ס'וועט ניט זיין ווי די היינטיגע ליעבע, וואס מיהט זיך דורך א שטאלענעם קארסעט צוקומען צו דער נשמה...

פרויען, ארבייט פאר אייער נאקעטקייט — זי וועט אייך מעהר געבען ווי אייער גלייכבערעכטיגונג!

פרויען, האט קיין מורא ניט פאר ענטבלויזונג!

די צוקונפטיגע געזעלשאפט וועט זיין א נאקעטע, דער ל ע צ־ט ע ר מ ע נ ש וועט זיין נאקעט ווי דער ע ר ש ט ע ר מ ע נ ש.

תלמידים, די נאקעטע מענשהייט קומט!

אזוי האט גערעדט פאמפאדור.

דאמאלס האבען איהם זיינע תלמידים געפונען זיצענדיג אין איין העמד.

וועגען הימעל, ערד, זון און לבנה.

תלמידים מיינע, היינט איז פריהלינג, און איך בין שיכור פון הימעלשען וויין, בעטרונקען פון זון און פון שטראהלען — טרינקט מיט מיר מיט!

תלמידים מיינע! איך האב ניט ליעב די ערד, — ווייל אויף איהר קען איך טרעטען...

איך האב ליעב דעם הימעל, ווייל איהם קען איך ניט דער־לאנגען...

א, איהר צוגעבונדענע צו דער ערד, קומט צו מיר, און איך וועל אייך ערהויבען צו די הימלען.

די ערד — דאָס איז עטוואָס, וואָס איז נאָך ניעדריגער פאַר דעם זויל פון מיין שוך.

דער הימעל — דאָס איז עטוואָס העכער פון מיין העכסטען געדאַנק.

איך האָב ניט ליעב די ערד — ווייל זי איז דער באָדען פון מיין מאַכטלאָזיגקייט.

איך האָב ליעב דעם הימעל — ווייל דאָרט בין איך דער אונבעשרענקטער הערשער.

איך האָב ניט ליעב די ערד — ווייל פון איהר בעפרייט מיך ניט אפילו דער טויט; בין איך ניט א ו י ף איהר, בין איך א ו נ ט ע ר איהר.

איך האָב ליעב דעם הימעל — ווייל פון איהם קען איך זיך שיידען גלייך ווי איך שלים מיינע ברעמען און לעש אויס מיין לעצטען חלום...

דער הימעל — דאָס איז די פרייע ליעבע פון דעם מענשען מיט דער נאַטור.

די ערד — דאָס איז די געזעצליכע ווייב, וואָס פלאָנטערט זיך אונטער די פיס ביז'ן טויט.

די ערד — דאָס איז די שקלאַפעריי פון מענשען.

דער הימעל — דאָס איז פרייהייט פון געטער.

די ערד — דאָס איז דאָס פּריוואַט־אייגענטהום פון רויבער, די פערבויטע פייער־פאַסטקע פאַר קבצנים.

דער הימעל — דאָס איז דער ר י ע ל ע ס ט י י ט פון פּאָעטען; פליה זיך פריי, פריי, און בוי זיך לופט־פּאַלאַצען וואו דו ווילסט נאָר...

און פּאָמפּאַדור האָט אויפגעהויבען זיין געזיכט צו דער זון און האָט אויסגערופען:

תלמידים! קוקט דער זון גלייך אין פנים אריין.

בעסער בלינד ווערען קוקענדיג אויף דער זון איידער פער־לירען די ראיה אין פאַבריק ביי דעם שיין פון עלעקטרישע לעמפּ־לאָך.

זון — דאָס איז הייסע ליעבע, און נאָר איינגעפרוירענע פאָר־

שוינעז האבען מורא צוצוקומען נאהענט צו איהרע שטראהלען, זי זאל זיי ניט צושמעלצען...

זעהט! איך קוק דער זון גלייך אין פנים אריין; זאל זי מיך ברענען.

נעהמט אוועק די שירעמס פון אייערע קעפ, און קוקט דער זון אין פנים אריין גלייך ווי איך! שירעמס זיינען בלויז גוט פאר שוואך־קעפיגע...

דאס איינציגע, וואס איך האב ניט ליעב אין הימעל, איז די לבנה. זי איז נאריש ווי די פנים'ער פון די פערליעבטע, וואס קו־שען זיך אונטער איהר בלאסקייט...

זון — דאס איז מיט יעדער סעקונדע מיליאנען ניי געבוירענע לעבענס.

לבנה — דאס איז דער אייביגער בר־מנן פון הימעל.

פאמפאדור גלויבט, אז די זון וועט אמאל אויסגעלאשען ווערען, ווייל זי האט אין זיך צופיעל לעבען, אבער די לבנה קען לעבען אייביג — א ט ו י ט ע.

די זון — דאס איז די וואהלטהעטיגע פרינצעסין אין דעם לאזורענעם פאלאץ פון הימעל. זי איז שטאלץ און טהיילט איהרע שטראהלען פריי מיט אפענער האנד.

די לבנה — דאס איז די איינגעשרומפענע קמצן'טע. זי לאזט פאלען איהרע קרענקליכע שטראהלען מיט ציטערדיגע הענד.

און ניט אומזיסט מאכען אלע קארגע זייערע חשבונות פאר דעם ליכט פון דער לבנה.

רופט צו מיר די זון: איך בין נאאיוו און דארום ברען איך אזוי שטארק.

זאגט צו מיר די לבנה: איך בין ערפאהרען און דארום בין איך אזוי קאלט.

תלמידים מיינע! הויבט אייערע קעפ צו די הימלען, אבער היט זיך, אז רעדער זאלען ניט אריבער איבער אייערע פיס, ווייל בייז און אייפערזיכטיג איז די ערד און זי נעהמט נקמה אן די יע־ניגע, וואס הויבען זייערע קעפ צו די הימלען.

אזוי האט גערעדט פאמפאדור.

וועגען שעהרען און געשווירענע.

און ווען פּאַמפּאַדור האָט דערהערט, אַז די באַרבערס זיינע אַרוים אין סטרייק, האָט ער מיט גרוים פרייד אויסגערופען:

תּלמידים מיינע! די באַרבערס סטרייקען — זאָלען זיי סטרייקען. פּאַמפּאַדור איז געגען באַרבעריי אין אַלע איהרע פאָרמען.

באַרבעריי — דאָס הייסט, אַרונטער מיט'ן רעספּעקט, דאָס הייסט אַבווישען דעם גרעניץ צווישען יונג און אַלט.

באַרבעריי — דאָס הייסט נעהמען און מאַכען פון אַן אַלטען בעל־עברה'ניק אַ גוט אַרומגעגאָלטען און אַ גוט אויסגעמאַסאַזשירטען יונגען מאַן, און עפענען פאַר איהם די טהיר צו נייע עברות...

באַרבעריי — דאָס איז, חניפה פאַר'ן פּנים ווי פאַר דער נשמה און ניט אומזיסט איז דער גרעסטער טהייל פון באַרבערס קראַנק אויף חניפה.

באַרבעריי — דאָס הייסט, צושטעלען אַ חלף צו אַ פרעמדען האַלז און דערביי קוקען אין פענסטער און זאָגען וויצען...

באַרבעריי — דאָס איז אונזער ליגנערישע קולטור, וואָס פערגלעט איהרע קנייטשען פון אַבגעלעבטקייט, פערפּוידערט איהרע פּימפּעלס פון אינערליכע בלוט־פערגיפטונג, פערדעקט איהר פליך פון זינד — און איז דאָך באַנקראָט...

אַ באַרבער־האַנט — דאָס איז אַ האַנט וועלכע גלעט און לאַשצעט דיך פאַר עטליכע סענט.

אַ באַרבער־האַנט — דאָס איז אַ האַנט, וועלכע גלעט אַלע פּנים'ער גלייך.

אַ באַרבער־שטוהל — דאָס איז אַ שטוהל, וואָס דרעהט זיך ווי אַ קאָקעטישע פרוי אין אַלע זייטען.

פּאַמפּאַדור איז פאַר אַ בערדיגער מענשהייט.

באָרד -- דאָס איז בכבוד'יגע אַלטקייט, דאָס איז רעספּעקט פאַר'ן זיידען...

באָרד — דאָס איז אַ ישוב־הדעת קאַמעראַד, אַ פרײַנד מיט וועמען זיך צו האַלטען אַן עצה אין אַן עת צרה און אַ פרײַנד איז היינטיגע צייטען זעהר טהייער...

ווייסע בערד — דאָס איז שעהנקייט פון דורות, דאָס איז טראַדיציע.

פּאַמפּאַדור האָט פיינט די באָרדלאָזע מענשהייט, די אַלטע וואָס זעהען אויס ווי די יונגע און די יונגע וואָס זעהען אויס ווי די אַלטע...

ער האָט פיינט אַ מענשהייט, וואָס האָט אַ גלאַט־ראַזירטען פּנים פאַר אַלעמען, איין סקאַרבאַווען שרינט אין יעדענ'ס קאָפּ פּונקט ווי דער קנייטש אויף די הויזען...

גלייך געשווירען — גלייכע פלאַכהייט! גלייך געגאָלט — גלייך צושניטען!

תלמידים מיינע! איך וויל אַ וועלט פון פערשיעדענאַרטיגקייט, איך וויל פערשיעדענע בערד, לאַנגע און גאָר לאַנגע, האַלב גרויע און גאַנץ גרויע, ווייסע און גאַנץ ווייסע; איך וויל אמת'ע ע ל־ט ע ר ווי אמת'ע י ו ג ע נ ד!

זאָגט אַליין! קען מען ליעב האָבען אַ יוגענדליכקייט וואָס איז אָבהענגיג פון געבען טרינק־געלד דעם באַרבער?

תלמידים מיינע! איך וויל אַ מענשהייט מיט בערד אום צו קענען אונטערשיידען פון שוואַרץ ביז ווייס, פון געל ביז רויט...

תלמידים מיינע! מיינט ניט, אַז אַ באָרד איז בלויז „אַ שפּיעל־גאָרטען" פאַר יונגע קונדסים.

איך האָב ניט ליעב די עלעקטריק־מאַסאַזש־מאַשינע, וואָס מור־טשעט זיך אומזיסט צו מאַכען פון אַלט יונג. זי קען בלויז ברומען, זשוזשען אָבער ניט העלפען.

איך האָב פיינט יוגענד־פרישקייט אויף פּנים'ער, וואָס ווערט בלויז אויסגעוואַרעמט מיט הייסע האַנדטוכער...

איך האָב זעהר ניט ליעב מענשען, וואָס אַנשטאָט פערגיסען

בלוט פאר אידעאלען, בענוגענען זיך מיט דאס ביסעל בלוט וואס זיי פערגיסען אויפ׳ן בארבער־שטוהל.

תלמידים מיינע! פאמפאדור מעג קריגען נאך אמאל אזוי פיעל קנייטשען, ער וויל זיי ניט פערגלעטען מיט א נישטיגער גומקע!

און דאס זעלבע איז מיט האר.

פאמפאדור וויל אז האר זאלען ניט זיין בלויז דער איינענטהום פון פאלשע פאעטען.

האר — דאס מיינט וואקסען, דאס הייסט קריגען מעהר לעבען, זאפט און כח.

יעדעס קינד ווערט געבוירען נאקעט, הארלאז און הילפלאז. מיט דעם וואקסען פון זיינע כחות וואקסען אויך זיינע האר...

פאמפאדור האט ליעב די שמשון־לאקען, די גבורה פון די לאנג־האריגע נאטור־קינדער!

אה, איהר צושניטענע מארדעס, פערפוידערטע פנים׳ער, פער־צלם׳טע באקען, פאמפאדור רופט צו אייך: סטרייקט מיט די בארבערס!

נעהמט אוועק אלע בארבער־שטוהלען, פערשליעסט אלע ראזיר־הייזער און קעהרט זיך אום צו דער נאטור!

מאכט פון אייער קאפ א וואלד און פון אייער הארץ א ריינעם נאטור־קוואל!

און א טיעפער קנייטש האט זיך בעוויעזען אויף פאמפאדור׳ס שטערען און ער האט ווייטער גערעדט:

אה, די געשווירענע און די שעהרער זייערע!

שוין צופיעל שערט מען דאס פאלק און עס פערשטעהט ניט...

אה, פאלק, דו אייביגער לעמעל! עס שעהרען דיך די בארבער־יונגען און עס שעהרען דיך די וואלל־סטריט מאגנאטען און עס פערענדיגען די פאליטישענס דאס וואס עס האבען ניט געענדיגט די מאגנאטען...

פאמפאדור וויל אז דאס פאלק זאל זיך אויפהערען לאזען שעהרען.

אזוי האט גערעדט פאמפאדור.

### וועגען קריכען און קריכער.

תלמידים מיינע! ווי גוט עס איז צו קריכען אויף אלע פיער, ווי גוט ס'איז צו זיין א קריכער!

קריכען — איז דער פאטער פון דערגרייכען.

ניט אלע שטאלצע און הויך־געהויבענע קעפ דערלאנגען דעם הימעל — מעהרער קלאפען זיי זיך אן די נידריגע סופיטען.

פריינד, פאמפאדור ווייסט וואס ער זאגט!

וואס מעהר א מענש קריכט, אלץ מעהר דערגרייכט ער. די געזעלשאפט האט גרויס אכטונג פאר די קריכער פאר די חזיר־גייסטער, וואס שלעפען זייערע פיס מיט שטיקער בלאטע, וואס רו־קען זייערע שנוקעס אין געמייזאכץ.

די היינטיגע געזעלשאפט איז שטאלץ אויף איהרע קריכער, אויף איהרע פויזענדע זעעלעס...

קריכען איז א וואוילע זאך, תלמידים מיינע!

דאקטוירים, מאגען־פערזארגער און קישקע־פערהיטער, וואס זאגט איהר וועגען קריכען?

אוי, די דאקטוירים, ווי איך ליעב זיי! נאר זיי אליין זיצען אימער און טראכטען ווי צו ברייננגען דעם היינטיגען שטאלצען צוויי פוסיגען צום צוקונפטס־גליק!

אט הער איך א דאקטאר זאגט: דענקט מיט'ן זייט, — וועט איהר לעבען אייביג!

אט קומט א צווייטער און זאגט: גענעץ מיט דער לינקער פוס — און איהר וועט אימער זיין שעהן און יונג.

אט קומט א דריטער און רופט: ניעדער מיט'ן קאפ פון דעם מענשען, ווער דארף איהם? עס איז ניט ווערטה דאס היטעל— מ'מוז איהם אבשאפען!

אט קומט א פערטער און בעהויפטעט, אז אום צו פערהיטען

פון בויך־שמערצען זאָל מען שלינגען טשוועקעס און קייען טעלעג־ראַף־סלופּעס.

און אַט קומט אַ פינפטער און ענטדעקט אַ נייעס, אַז אום צו פאַרדייען דעם עסען זאָל איינער קריכען אויף אַלע פיער.

קריכען! גאָט פון זאמד און ווערים, ווי גוט ס'איז!

זאָל בלויז געמאכט ווערען דער אָנפאַנג צוליעב'ן מאַגען, נאָכהער וועלען מיר קריכען אום צו ראַטעווען אונזערע נשמות...

אַן ארבייטער וואָס קריכט פאַר'ן באָס, איז אימער מעהר ערפאָלגרייך ווי דער שטאָלצער...

און אפילו אין ליעבע געווינען אויך מעהרער די קריכער און די קליינע שיכלאַך לעקער...

קענסט זיך זיין שטאָלץ ווי נאַפּאָלעאַן, אַ מאַן מיט כאַראַקטער ווי צעזאר אליין, וועסטו ביי אַ פרוי ניט געווינען ווען דו ליגסט ניט צו איהרע פיס.

און פערקעהרט — די קניען־בויגער, די אויף אַלע פיער פוי־זענדע פערליעבטע, געווינען מעהרסטענס אפילו ביי די האַרטעס־טע פרויען...

תלמידים מיינע, לערנט זיך צו קריכען און איהר וועט האַ־בען ערפאָלג!

אזוי האָט גערעדט פּאַמפּאַדור.

וועגען שטויב און ריינקייט.

תלמידים מיינע! איצט איז פריהלינג און איך וויל מיט אייך רעדען וועגען שטויב און ריינקייט.

פּאַמפּאַדור איז געגען ריינקייט און פאַר שטויב.

ריינקייט — דאָס איז אָפענע פענסטער — און אָפענע פענס־טער — דאָס איז שמוץ פון גאַס...

און גלייכער איז שוין פערוואקסען ווערען אין אייגענעם שטיבל אידער אין פרעמדען שמוץ.

שטיבל, דאס איז היילינקייט, דאס איז טראדיציע.

היליגע ספרים — זיינען ניין און ניינציג פראצענט שטיבל און איין פראצענט היילינקייט.

נעהמט אוועק דעם שטיבל פון אייניגע ספרים און ס'וועלען בלייבען ארימע געדאנקען צושטעלט אין שורות.

שטיבל, איז דער פאטער פון מאנאסטירען און פערשלאסענע צימערען.

פאמפאדור איז פאר שטיבל.

א הויז אהן שטיבל איז ווי א קוימען אהן רויך, ווי א גאס אהן טומעל, ווי פאמיליען־לעבען אהן קריעג...

שטיבל — דאס איז דער גרויער חלום פון אונזער ווירקליכקייט, דער סוד פון אלטעגליכקייט. די פילאסאפיע פון סטעליע...

שטיבל, דאס איז אלעס: די גרויקייט פון בראשית, דער סוד פון ווערען און פערשווינדען.

בערג מיט שטיבל — דאס איז היסטאריע.

שטיבל — דאס איז דער גרעסטער פיהרער פון יעדע מחנה: אפריהער קומט דער שטויב, נאכהער די פערד און נאכהער די פיהרער...

און פאמפאדור האט זיך א ווײַלע פערטיעפט אין זיך און ער האט ווייטער גערעדט:

שטיבל, דאס איז ל י י ד ע ן. דאס איז דער טאג טעגליכער „אנפאל" אויף דער פיהלענדער נשמה.

יעדער טאג האט זיין קלאג און יעדע סעקונדע איהר שטויב.

שטויב — איז גלייך צו דער זון. די זון שיקט איהרע שטראהלען פאר אלעמען גלייך. און דער שטויב פאלט גלייך אויף געשליפענע שפיגלען און ערדערנע כלים, אויף זייד און אויף לייווענט, אויף קופער און אויף גאלד.

שטויב ווייס ניט פון קיין קלאסען. פאר'ן שטויב איז ניטא קיין רייכע און ארימע!

מעהר ניט די רייכערע צווינגט ער צו האלטען דיענסטען איהם צו ראַמען. און די אָרימערע ראַמען אליין.

שטויב — דאָס איז די אייביגקייט אליין, וואָס פערשטויבט אונז אין איהר שנעלען לויפען.

פּאַמפּאַדור איז פאר אלע פערשטויבטע פון דער וועלט.

יעדע ריינע נשמה מוז זיין פערשטויבט.

וואָס קלעהרער דער קאָפּ אלץ פערשטויבטער איז דאָס היטעל.

פערשטויבטע שיך — דערצעהלען אייך, אז י ע נ ע ר איז געגאנגען צופוס, געליטען און געבלאָנדזשעט, געפּלאָגט זיך און געזוכט ערגעץ אין די ווייטע ווייטקייטען.

און נאָר דער וואָס זוכט און בלאָנדזשעט ווייס פון אמת.

פּאַמפּאַדור האסט אלע צוכטען. די מענשען וואָס לאָזען אויף זיך ניט פאלען קיין שטויבעלע...

ווי אַפט פערמאָגט דער וואָס האָט קיין שטויבעלע אויף זיינע קליידער א נשמה פון א חזיר...

א פערשטויבטער מענש — איז א מענש מיט עפּעס מעהר...

אלץ וואָס לעבט און בעוועגט זיך מאַכט שטויב און קומט צום שטויב.

די קליידער פאר דער נשמה ווי די קליידער פאר'ן גוף שטויבען זיך.

פּאַמפּאַדור האסט די יעניגע וואָס געהען ארום, און רייניגען פרעמדען שטויב פון פרעמדע אקסלען און אליין האָבען זיי פודען בלאָטע אויפ'ן געוויסען...

פּאַמפּאַדור אנטלויפט פון די שטענדיגע אָבשטויבער, די שטענדיגע בערשטעל-טרעגער, די וואָס מאכען דאָס קראַצען פון פרעמדע נשמות אלס מלאכה, די וואָס קרימען און מאכען זויערע פנים'ער פון יעדע שטויבעלע.

דאָס לעבען איז ווי א מיהל וואָס גיט גלייכצייטיג ארויס אי מעהל צום לעבען און אי שטויב אום צו שעדיגען די לונגען...

און דאָס זעלבע ווי פּאַמפּאַדור האסט די שטענדיגע בערשטעל-טרעגער, האסט ער אויך די בערשטלאַך.

בערשטלאך — דאָס זיינען, קאַליקעס קריטיקער, וואָס מאַכען אַן מיט זייערע קריטיקען מעהר שטויב ווי דער פּערפאַסער.

בערשטלאך — דאָס זיינען נאַרישע רעפאָרמער, וואָס קראַצען דעם שטויב פון אויבען און מיינען, אַז זיי קעהרען וועלטען.

און ס'איז ניט קיין וואונדער: בערשטלאך זיינען געמאַכט פון חזיר־האָר, היינט געה פערלאַנג פון אַ חזיר — ריינקייט!

תלמידים מיינע, רייניגט ניט קיין שטויב, ווארום וואָס מעהר איהר וועט רייניגען אַלץ מעהר וועט איהר איינזעהן די נוצלאָזיג־קייט פון רייניגען...

תלמידים פּאַמפּאַדור איז פאַר אַ וועלט פון שטויב, ווייל מעהר ווי שטויב פערמאָגען מיר אַלץ איינס ניט.

אזוי האָט גערעדט פּאַמפּאַדור, און האָט פערקלאַפּט דאָס פּענס־טער.

וועגען אַלטע און נייע פּרעזידענטען.

איך האָב בעסער ליעב אַן אַלטען פּרעזידענט איידער אַ ניי־עם, זאָגט פּאַמפּאַדור.

אַ נייער פּרעזידענט — איז, נייע פאַרב און פּודער און נייע חנ'דעלעך פון דער אַלטער מאַדאַם פּאָליטיקע, צום אייביגען נאַר־דאָס פאָלק.

אַ נייער פּרעזידענט — איז, אַנ'אַלט־געבאַקענער ליגען, אָב־געפּרישט פון דאָס ניי, אַ נייער זייפען־בלאָז פון האָפנונג, וואָס פּלאַצט אזוי שנעל, ווי זיין פּאַרגענגער.

אַן אַלטער פּרעזידענט — דאָס איז אַ טויטער פּאָליטישער בלאָף; אַ בר־מנן פון הבטחות און ישועות, וואָס וואַרט אויף קבורה.

אַן אַלטער פּרעזידענט — דאָס איז אַ  נ י י  שטיקעל היס־טאָריע, און אַלץ וואָס איז היסטאָריש איז מיר הייליג און ליעב— ווייל היסטאָרישע העלדען זיינען בלויז פּאַפּיערענע...

דער בעסטער פרעזידענט איז דער, וואָס פרעזידענטעוועט אָם־ווייניגסטען; די סאַמע בעסטע פרעזידענטען זיינען יענע, וואָס האָבען געלעבט אַמאָל, אַמאָל, און פרעזידענטעווען בלויז אין דער פערגאַנגענהייט, און דעריבער מאַכט מען זיי מאָנומענטען און מען קריצט אויס זייערע געזיכטער אויף מטבעות.

אַזוי ווי דעם ר י ח פון אַן אַבגעשלאָגענער הושענאַ, אַזוי ווי דעם שטויב פון אַן אַלטען לוח, אַזוי ליעב איך דעם שמייכעל פון אַ פרעזידענט, וואָס פערלאָזט זיין שטוהל. אַזאַ שמייכעל קען קיינעם ניט שאַדען...

דאַגעגען האָב איך פיינט דעם שמייכעל פון אַ הערשער, פון אַ לייצע־האַלטער, פון אַ טהראָן־בעשטייגער, ווייל דאָס בעדייט אַ נייע געפאַהר און אַ נייע סכנה.

אַ נייער פרעזידענט — בעדייטעט, אַ נייע סטאַדע הונגעריגע דזשאַב־זוכער און הויט־שינדער אויף אַ נייעם ב ו ד ז ש ע ט.

אַ נייער פרעזידענט — בעדייטעט, אַ נייע גען פערצוויגען אויפ'ן מאַרק פון האַנדעל מיט נייע פאָלקס־אידעאַלען.

אַ נייער פרעזידענט — איז, אַ נייע וואָדעוויל שאָו פאַר די צייטונגען, נייע בילדער פאַר מואווינג פיקטשורס, אַ נייער ראָמאַן מיט'ן פאָלק, אַ נייע טראַגי־קאָמעדיע וואָס שפּיעלט זיך אין ו ו י י־ ס ע ן ה ו י ז ־ ט ה ע א ט ע ר גאַנצע פיער יאָהר...

וואָס איז רעגיערונג? — פרעגט איהר.

און פּאָמפּאַדור ענטפערט: רעגיערונג איז אַ קאָסטבאַרע קריעג צווישען פאָלק מיט זיינע גוט־בעצאָהלטע רעגיערער, אין וועלכען דאָס פאָלק ווערט אימער גענומען אין פלען, און בעצאָהלט די קריעגס־קאָסטען.

רעגיערונג — איז דער געזעצליך־בערעכטיגטער גוואַלד, די קאָנסטיטוציע פון קלאַב.

זעלבסטהערשונג איז אַ האָרב פון געבורט.

קאָנסטיטוציאָנעלע רעגיערונג — איז דאָס פערקריפּעלטע קינד פון פרייהייט.

די ק ל י נ ס ט ע צייט פאַר'ן פאָלק, איז, דער „ואין

מלך״ פעריאַר — דער צווישען־צייט פון איין הערשער און צווייטען, ווייל דאַן זעהט ער אַרוים שאַרפער זיין רעכטלאַזיגקייט.

די גליקליכסטע שטיקעל צייט פאַר׳ן פאַלק, איז, דער סוף זמן פון אַ פּרעזידענט, ווען דער אַלטער לאָזט אַלץ איבער פאַר׳ן נייעם און דער נייער האָט נאָך זיין ממשלה ניט געקראַגען.

די צווישען־צייט, איז, דעם פאַלק׳ס „פרייע ליעבע״ מיט דער רעגיערונג.

אַן עקס־פּרעזידענט, איז, ווי אַ גע׳גט׳ע ווייב — מ׳קריגט זי ליעב נאָכ׳ן גט.

אַ נייער פּרעזידענט, איז, ווי אַ צווייטע ווייב — זי דערמאָהנט אַן די מיאוס׳ע טהאַטען פון דער ערשטער, אָבער אָהן די לאַסקעס פון דער ערשטער.

פּאַמפּאַדור טרוימט אַמאָל פון אַ ווהייט הויז אָהן אַ פּרעזידענט און פון אַ רעגיערונג אָהן אַ ווהייט הויז — פון אַ פאַלק מיט פערשטאַנד.

פּאַמפּאַדור טרוימט אַמאָל פון אַ רעגיערונג פון בלויז עקס־פּרעזידענטען.

און ווען פּאַמפּאַדור האָט צוגעזעהן דאָס פּרעהען זיך פון פאַלק מיט דעם אויפטריט פון נייעם פּרעזידענט, האָט ער אויסגערופען:

אָה, פאַלק! פּרעזידענטען געהען און פּרעזידענטען קומען, אָבער דער טהראָן פון גערעכטיגקייט בלייבט אימער פּוסט.

אָה, איבערמענשליכער טרוים מיינער פון מענשען־גליק, זאָג! ביזטו ניט דער עקס־פּרעזידענט פון דעם ווהייט־הויז פון מיין נשמה, וואָס איך ליעב דיך אַזוי? — זאָג!...

אַזוי האָט גערעדט פּאַמפּאַדור אין דער צייט, ווען טאַפט איז אַרויף אויפ׳ן שטוהל.

וועגן יקרות אויף פּאַפּיר און ביליגקייט פון געדאַנק.

און די תּלמידים האָבן אַרומגערינגלט פּאַמפּאַדור'ן און איהם געפרעגט, וואָס איז זיין מיינונג וועגן דעם יקרות אויף פּאַפּיר.

איז דאָס ניט קיין נאַציאָנאַלער אומגליק? שטעלט עס ניט אין געפאהר אונזער קולטור?

און פּאַמפּאַדור האָט אַ שמייכעל געטהאָן און נאָכדעם אַזוי געזאָגט:

דער יקרות אויף פּאַפּיר איז ניט קיין אומגליק נאָר אַ גליק.

פּאַמפּאַדור איז פאר אַ ש ט ע נ ד י ג ע ן יקרות אויף פּאַפּיר.

זאָל אַלץ זיין ביליג: עסענוואַרג, ווי געטראַנקען! — אָבער אויף גייסטיגע שפּייז און גייסטיגע געטראַנקען מעג זיין דער גרעסטער יקרות.

און אַ יקרות אויף פּאַפּיר — הייסט, אַ יקרות אויף גייסטיגע שפּייז און גייסטיגע געטראַנקען.

פּאַמפּאַדור איז אין גאַנצען געגען פּאַפּיר.

ווען עס ווענדעט זיך אָן פּאַמפּאַדור'ן, וואָלט מען אין גאַנצען אָפּגעשאַפט דאָס פּאַפּיר פון דער וועלט, אָפּגעשטעלט אַלע פאַבריקען, וואָס מאַכען פּאַפּיר און ממילא די אויסגאַבען פון ביכער און צייטונגען.

ווען מען נעהמט אַראָפּ דעם גיגאַנטישען באַרג געדרוקטען פּאַפּיר פון דעם מענשליכען האַרצען — וואָלט די מענשהייט זיכער פריי אָפּגעאָטעמט. זי וואָלט זיך אויפגעהערט שפּייזען פון גרייטע געביכערטע געדאַנקען, נאָר זי וואָלט גענומען אַליין זוכען איהר גליק...

פריי, פריי וואָלט געוואָרען די מענשהייט, ווען מען בעפרייט

איהר פון די הרודעס פּאַפּיר, וואָס דריקען איהר גייסט און פער־שטויבען איהר נשמה.

יונג, יונג וואָלט די מענשהייט געוואָרען. יונג און פריש פון דאָס ניי.

איהר הארץ וואָלט אָנגעהויבען קלאַפּען צוריק מיט דעם ריטם פון די ערשטע דורות...

פּאַמפּאַדור טרוימט וועגען אַ פּאַפּירלאָזער מענשהייט.

פּאַפּיר — איז לויט פּאַמפּאַדור'ן — די מיאוס'טע ערפינדונג פון דעם מענשען נאָך דער תפיסה.

פּאַפּיר, ווי די תפיסה, האָבען אוועקגערויבט די פרייהייט פון מענשען צו בעוועגען זיך לויט זייער אייגענעם ווילען...

פּאַפּיר — איז די גייסטיגע מוטער פון דער היינטיגער דעמאָקראַטיע. יעדער איינער טראָגט זי, די דאָזיגע דעמאָקראַטיע, אין קעשענע ווי אַ צייטונג — און דערום איז זי אזוי ב י ל י ג.

פּאַפּיר — איז די מוטער פון דער מארק־שרייענדער עפענט־ליכקייט, די קרעמערקע מיט שטיקער נשמה פאַר גראָשענס, די בעשאַפערין פון שרייבען אָלס פּראָפעסיאָן.

פּאַפּיר — איז דער פערבילליגער פון גאָט'ס וואָרט. ווען ניט דאָס פּאַפּיר, וואָלט גאָט'ס וואָרט געווען טהייערער, וואָלט דער פּרייז אויף נשמה־פּראָדוקטען געשטיגען.

פּאַפּיר — איז די היים פאַר'ן ליגען. דער ערשטער ליגען האָט געפונען זיין דירה אויפ'ן פּאַפּיר.

פּאַפּיר — איז דער מעצענאַט פון יעדער טאַלאַנטלאָזיגקייט — די ערשטע טאַלאַנטלאָזיגקייט איז אונטערשטיצט געוואָרען פון פּאַפּיר.

פּאַפּיר — האָט געגעבען די מעגליכקייט יעדען ב ע ז ד י ע ט־נ י ק פון גערדאַנק און י ע ו ו נ ו ד פ ו ן ג ע פ י ה ל צו ווערען אַ דענקער און אַ פּאָעט פאַר אַ פּעני...

ווען ניט דאָס פּאַפּיר — וואָלטען מיר ניט פערמאָגט אזוי פיעל שרייבער און וואָרט־זאָגער, וואָס האָבען גאָר ניט וואָס צו שרייבען און צו זאָגען, אויסער דאָס צושטעלען פון אַ סך פּאַפּיר צום דרוקען.

און פּאַמפּאַדור האָט אַ קרעכץ געטהאָן און האָט ווייטער גע־רעדט.

פּאַפּיר — דאָס איז דער שרעקליכער הארב פון אונזער ציוויליזאַציאָן.

תלמידים! ווי גליקליך איך וואָלט געווען, ווען איך וואָלט אייך געקענט פאַרשטעלען אַ פּאַפּירלאָזע מענשהייט!

נאָר, אויב אָהן פּאַפּיר — איז אונז ניט מעגליך צו לע־בען, ווי אָהן פרויען. טאָ לאָז לכל הפחות זיין אַ יקרות אויף פּאַ־פּיר, ווי אויף ראַדיום!

זאָל די ארויסגעבער אָנקומען וואָס שווערער צו קריגען פּאַ־פּיר, וועלען זיי דרוקען נאָר דאָס שעהנסטע, דאָס קירצסטע און ניצליכסטע.

זאָל דעם שרייבער אָנקומען אַמטהייערסטען צו קריגען פּאַפּיר, וועט ער ניט אַזוי שנעל פער'קנס'ן זיין געדאַנק מיט פלאַכ־הייט...

זאָל יעדער שעהנער געדאַנק ווערען ביי דעם שרייבער, ווי אַ טאָכטער, וועלכע איז שווער אויסצוגעבען...

זאָל די רעגיערונג איבערהויפּט ערלויבען בענוצען פּאַפּיר נאָר צו איינצעלנע, צו אויסערוועהלטע.

פּאַמפּאַדור איז פאַר דעם אַללגרעסטען יקרות אויף פּאַפּיר!

אַ יקרות אויף פּאַפּיר — הייסט ביי פּאַמפּאַדור'ן — געדאַנ־קען־קאָנטראָל.

און געדאַנקען־קאָנטראָל, איז נאָך פיעל נוצליכער, ווי קינדער־קאָנטראָל.

ווייל אַזוי ווי די גליקליכסטע קינדער זיינען די ניט געבוי־רענע, אַזוי זיינען די גראָטעטנסטע געדאַנקען די ניט געשריעבענע. און די שעהנסטע געפיהלען די, וואָס בלייבען ליעגען אויפ'ן דעק פון הארצען.

דאָס זיינען די פּערלען אויפ'ן גרונד פון ים.

אַזוי האָט גערעדט פּאַמפּאַדור.

וועגען סדרים, און קשיות.

און פּאַמפּאַדור האָט צוגעזעהן ווי דער עולם האָוועט און שמייעט, כשר'ט און שייערט און גרייט זיך צו די סדרים, האָט ער זיך פערטראַכט און אַזוי געזאָגט:

תלמידים מיינע! איך האָב ניט ליעב קיין סדרים.

סדר — דאָס מיינט פאַלשער וויין, פאַלשע מלכים, פאַלשע מלכות און א פאַלשע מלוכה. און מיר איז שוין ליעבער עכטע שקלאַפעריי, עכטע שקלאַפען און עכטע מעטרעסעס...

פּאַמפּאַדור גלויבט איבערהויפּט ניט אין קיין סדרים.

סדר — דאָס איז בורזשואַזע רוהיגקייט, בעלי הבית'ישע געמיטליכקייט, א קישען פאַר דעם געוויסען...

סדר — דאָס איז אויסגעצעהלטע כוסות, מיט א ברכה פאַר יעדען כוס, און א טרוקענע זאַגעכץ נאָך יעדען כוס.

סדר — דאָס איז פעטע קניידלעך פאַר'ן מאַגען און מכות פאַר'ן גייסט.

סדר — דאָס איז א „כל דכפין ייתי וייכיל", מיט א פעררי־געלטער טהיר.

ניין, איך האָב ניט ליעב קיין סדרים!

גיט מיר בעסער די אונאָרדנונג, דעם ערב סדר, דעם מארשי־רען צום ים, דעם געהן איבער'ן ים, דעם קאַמפּף מיט פּרעה'ס רייט־וועגען. מיר געפעלט עס בעסער איידער דער רוהיגער סדר נאָך דעם אריבערגעהן דעם ים.

איך האָב ליעבער דעם „ויצעקו בני ישראל", דעם געשריי פאַר פרייהייט, איידער דעם זיעגרייכען „אז ישיר". איבערהויפּט נאָך ווען ער פערוואַנדעלט זיך אין א שיכור'ען חד־גדיא.

איך האָב ליעב אונאָרדנונג!

אונאָרדנונג — דאָס איז דער אייביגער תהו־ובהו, וואָס שאַפט די פרייהייט און דעם אייביגען שטרעבען צו נאָך פרייערער פרייהייט! דאָס איז דאָס טרינקען פון גליקס־בעכער אָהן אַ ברכה.

אונאָרדנונג — דאָס איז די „היסב־בעט" פאַר'ן רעוואָלוציאָנערען גייסט; די פרייהייטס־פאָהן, וואָס פלאַטערט אין די גאַסען און וויל ניט שימלען אין אַ ווינקעל...

סדר — דאָס זיינען בלויז פ י ע ר קשיות; פרעגען מעהר טאָר מען ניט. דאָס איז דער אַנגעשריעבענער ענטפער, די פאַרטיי־פראָגראַם פון גייסטיגע איגוואַלידען; דאָס איז די קאָנסטיטוציע פון „הגדה"...

אונאָרדנונג — דאָס איז די פרייע פלאַטפאָרמע פאַר אונצעהליגע קשיות פון לעבען און טויט, קנעכטשאַפט און פרייהייט, וועלכע קענען נ י ט פערענטפערט ווערען פון פאַרטיי־הגדות.

„סדר" — און מעג ער אפילו זיין די צוקינפטיגע געזעלשאַפט פון קאַרל מאַרקס — פּאַמפּאַדור קען איהם ניט ליידען!

אונאָרדנונג — דאָס איז די פרייהייט פון צוקונפט־מענש, וואָס וויל ניט האָבען קיין בעשטימטען פנים, אפילו ניט קיין מאַרקסיסטישען...

סדר—דאָס איז ר ע ט ו ש י ר ט ע פרייהייט, „אַ פערגלעטער" מיידעלשער פנים פון אַ געשייטען פאָטאָגראַפטשיק.

אונאָרדנונג — דאָס איז דער נעגאַטיוו פון דער פרייהייט.

תלמידים מיינע! איך וויל פרייהייט אָהן אַ סדר!

און אויפגעהויבען האָט פּאַמפּאַדור זיינע הענט און אַזוי גערופען:

אָרימע מענשען! האָט קיין מורא ניט פאַר אונאָרדנונג, פאַר רעוואָלוציאָן, סטרייקס און סאַבאָטאַזש! זיצט בעסער אין טורמע אבי פרעגט וואָס מעהר קשיות.

פּאַמפּאַדור האָט זעהר ליעב די קשיות־פרעגער, די אייביג אונצופריעדענע.

פרעגט וואָס מעהר, וואָרים יעדע איינציגע קשיה איז מיר ליעבער ווי הונדערט ענטפערס.

פרעגט א סך, ווייל ניט פרעגען איז דער פונדאמענט פון מוואלד־טהאט, איז די געוועהר פון הערשער און דעספאטען.

פרעגט א סך און ווארט ניט אויף קיין ענטפערס, ווייל יעדער ענטפער איז אן ענטשיידונג און ענטשיידונג איז — ט ו י ט.

פרעגט: „וואס איז לעבען“? — אבער לאבט פון די ענט־פערס! — ווייל קיין ענטפער איז ניטא אפילו ביי פילאזאפען. יעדער. ענטפער איז בלויז א פילאזאפישע מאנעווורע פון גאר ניט זאגען: א מין אויסדרעהען זיך פון א ענטפער.

דערפאר ליעב איך די פאעטען. זיי זייגען נאריש גענוג צו פרעגען און קלוג גענוג ניט צו ענטפערען.

פרעגען, — דאס איז פ א ע ז י ע פון הארצען; ענטפערען — דאס איז פ ר א ז א פון מוח.

פרעגען — דאס איז שעהנקייט פון דעם אייביגען ציטער פון דער נשמה, פון אייביגען הונגער פון גייסט.

ענטפערען — דאס איז דער שלוקערץ פון די זאטע, דער גע־נעץ פון די בויך־מענשען, די רייפען אויף די שלייפען...

פרעגט אייער מיידעל, צי זי ליעבט אייך, אבער ענטלויפט פון אן ענטפער.

עס לעבע דער אייביגער פראגע־צייכען, דער שטענדיגער „מה נשתנה“!

לאזט געהן מיט דעם „עבדים היינו“, מיט די פוילע תירוצים!

פרעגען קשיות, — דאס איז קינדערשע נאאיוויטעט, דאס איז די אונשולד פון מלאכים; ענטפערען, — דאס איז די מלאכה פון ערוואקסענע און זינדיגע.

און דארום פרעגען קינדער מעהר, וויפיעל די עלטערען זיינען בכח צו ענטפערען.

תלמידים! איך האב פיינט די היינטיגע איינגע׳סדר׳טע פריי־הייט.

פרייהייט — הייסט ביי מיר, ווי דער ווינט אין דער מדבר, ווי די וואלקענס אויפ׳ן הימעל, ווי די כוואליעס איבער׳ן ים.

די אמת׳ע פרייהייט געבוירט די משה׳ס, די ים־שפאלטער און די פרייהייטס־פיהרער.

פּאַמפּאַדור איז אייך מוחל, די אַרבייט פון צענדליגע דורות ביים ליים און ציגעל, פאַר דעם איין געבורט פון אַ משה!

אז מען קריגט שוין די כלומר'שטדיגע פרייהייט, קומען די יהושע'ס, די געזאַלבטע פון מענשען און ניט פון געטער.

די אמת'ע פרייהייטס-קעמפּפער דערגרייכען קיינמאָל ניט זייער ציעל: ווען משה איז געקומען צום טויער פון דאָס „פערשפּראָבענע לאַנד," איז ער געשטאָרבען.

תלמידים מיינע! מאַכט ניט פון אייער פרייהייט קיין סדר, קיין צערעמאָניע, שטרעבט צו פרייהייט אָהן סדרים, און איהר וועט קומען צום אמת'ען אידעאַל פון פרייהייט.

אַזוי האָט גערעדט פּאַמפּאַדור.

ווע‏גען שנעע וואָס פאַלט פון שטאָדט.

און פּאַמפּאַדור איז געשטאַנען ביים פענסטער פון זיין דירה, געקוקט אויפ'ן שנעע, וואָס איז געפאַלען אין דרויסען, און זיין שטערן האָט זיך געקנייטשט פון אונצופריעדענהייט.

און די תלמידים זיינען געשטאַנען דערביי און האָבען דאָס צוגעקוקט און זיי האָבען אָנגעקוואַלען פון דעם שנעע, וואָס פאַלט און דעקט צו די ערד.

און פּאַמפּאַדור האָט זיך אָנגערופען: תלמידים, ווי איך זעה געפעהלט אייך זעהר דער שנעע, וואָס פאַלט, אָבער מיך ערגערט ער.

תלמידים מיינע, בטבע איז פּאַמפּאַדור ניט קיין אומעטיגער. נאָר ווען ער זעהט דעם ווייסען, קלאָהרען שנעע פאַלענדיג פון הימעל אויף דער שוואַרצער שטאָדטישער ערד — ווערט ער זעהר א ו מ ע ט י ג.

פּאַמפּאַדור איז פערליעבט אין דעם שנעע, וואָס פאַלט אויף

פוסטע וועלדער און וויסטע פעלדער, אבער האט פיינט דעם שנעע, וואס בעדעקט די גרויס־שטאדטישע גאסען.

פאלענדער שנעע אין שטאדט — דאס איז מיידעלשע אונ־שולד וואס מוז פארשוועכט ווערען פון אן אלטען בעל־עבירה.

און וואס איז די גרויסע שטאדט, אויב ניט אן אלטער בעל־עבירה?

פאלענדער שנעע אין שטאדט — דאס איז א פרעהליכע דארף־מיידעל, וואס קומט אין שטאדט צו שטיפען און זי ווערט א ג ע־פ א ל ע נ ע.

פאלענדער שנעע אין שטאדט — דאס זיינען אידעאלען, וואס קומען פון דער ה ו י ך. זיי האבען ניט קיין קיום אין דער נ י ד ע ר.

פאלענדער שנעע אין שטאדט — דאס איז הימלישע רייניקייט וואס חבר'ט זיך מיט בלאטע.

און פאמפאדור האט אויף א ווייל׳ע געשוויגען, געקוקט אויף די מענשען מיט די לאפעטעס, וואס זיינען געקומען אוועקשארען דעם שנעע און אזוי געזאגט:

פאלענדער שנעע אין שטאדט — דאס איז הימלישע צדקה־ארבייט, געטהיילט פון א פילאנטראפישען גאט אוים רחמנות.

פאלענדער שנעע אין שטאדט — דאס איז אין בעסטען פאל, א פערזוך פון הימעלשען שטאדט־דעפארטמענט צו לייזען די פרא־גע פון ארבייטסלאזיגקייט אויף דער ערד.

אוי, ווי פאמפאדור האט ניט ליעב די שנעע־ראמער. מענשען, וואס טוען פאר א שטיקעל שווארצען ברויט, צוטרעטען און פער־שארען דאס רייננסטע און דאס שעהנסטע. מענשען וואס קענען מיט איין און דערזעלבער לאפעטע צוטראמפלען דאס זויבערסטע ווי דאס שמוציגסטע.

און, אוי ווי פאמפאדור האט פיינט די מענשען פון גרויסען שטאדט וואס יאגען זיך און איילען און טרעטען מיט זייערע פים אויף בערג שנעע ווי אויף קופעס מיסט, אויף מענשליכע קערפערס ווי אויף הילצערנע טראטוארען.

און פּאַמפּאַדור איז אַפּגעטראַטען פון פענסטער אין אומעטי־
גער און א פערבענקטער, און ער האָט אזוי געזאָגט:

תלמידים! שנעע איז ניט פאר דער שטאָדט. ווייל די שטאָדט
איז ניט פאר ריינע זאכען... שנעע דארף פאלען אין דארף, וואלד
און פעלד. דאָרט קען איהם קיינער ניט טרעטען. דאָרט בלענדט ער
דאָס אויג מיט זיין ווייסקייט וואַכען און מאָנאַטען לאַנג, ביז עס
קומט די פריהלינג־זון און צוואווארימט איהם.

און ווייסט איהר וואָס עס איז פּאַמפּאַדור'ס וואונש?

פּאַמפּאַדור'ס וואונש איז, אז מען זאָל דעם שנעע ניט אוועק־
נעהמען פון די גאסען.

ווען די שטאָדט־טאַטעס פאָלגען פּאַמפּאַדור'ן, בעפעהלען זיי,
צו פערשפארען טהיר און טויער און פערבאָטען דאָס פאָלק ארויס
אין די גאסען, אין דער צייט ווען דער שנעע פאלט פון הימעל און
א פּאָר וואָכען נאָכדעם.

זאָל דער שנעע פאלען און פאלען, זאָל ער בעדעקען די העכס־
טע הייזער אריבער די דעכער.

זאָלען די וואוינונגען פון די גרויס־שטאָדטישע מענשען אויס־
קוקען ווי היילען פון ווילדע חיות אין טיעפע וועלדער. דאָס וואָלט
געווען לעבענס־טרייער און אמת'ער, ווייל אין דער ווירקליכקייט
זיינען די גרויס־שטאָדט־מענשען ניט מעהר ווי חיות.

און פּאַמפּאַדור האָט זיך אביסעל פערטראכט און נאָכדעם אזוי
געזאָגט:

אַ, שנעע־ריינע אידעאַלען פון מיין הימעל, וואו זייט איהר?
האָט מען אייך אוועקגערוימט מיט די מיסט־וועגען פון דער
גרויסער שטאָדט?

אַ, אידעאַלען מיינע! פאר וואָס זייט איהר קיין שנעע־פילקעס
אין די ריינע קליינע הענטלאך פון קינדער ערגעץ ווייט פון שטאָדט?
אזוי האָט גערעדט פּאַמפּאַדור.

און ס'איז געוועז נאָך אַ גרויסע פערפלייצונג, און פון אַלע זייטען האָבען זיך געטראָגען קולות צו פּאַמפּאַדור'ס אויערען: אַ גרויסער אונגליק! אַ גרויסער אונגליק!

און פּאַמפּאַדור האָט אַזוי געזאָגט: קיין אונגליק! — שולדיג איז דער פריהלינג...

פריהלינג — דאָס איז דער איבערפלוס פון געפיהלען, סאַי ביי דער נאַטור און סאַי ביי דעם מענשען.

און יעדער איבערפלוס איז אַן אונגליק.

איבערפלוס פון געפיהלען — ברענגט צו ליעבע.

איבערפלוס פון וואַסער — ברענגט צו פערפלייצונגען.

„די נאַטור איז שולדיג!" — הער איך שרייען פון א י י ' זייט.

„דער קאַפּיטאַליזם איז שולדיג!" — הער'איך שרייען פון דער צ ו ו י י ט ע ר זייט.

פּאַמפּאַדור בעשולדיגט קיינעם ניט.

פּאַמפּאַדור זאָגט: ווען מענשען וואָלטען געזעסען אביסעלע העכער, וואָלט זיי קיין פערפלייצונג ניט דערגרייכט.

ווען מענשען וואָלטען פערמאָגט אין זיך מעהר פייער, וואָלט זיי קיין פייער ניט געשאַדט...

בערוהיגט זיך, און הערט פּאַמפּאַדור'ן:

קיין אבסאָלוטער אונגליק איז גאָר ניטאָ; יעדער אונגליק איז אַ גליק פאַר אַ געוויסען טהייל פון דער מענשהייט.

אַ גרויסער אונגליק — איז אַ גליק פאַר צייטונגען און קברות־לייט.

אַ גרויסער אונגליק — איז אַ גליק פאַר פאַלקס־פערטומלער און נדבה־קלייבער.

אַ גרויסער אונגליק — איז אויך אַ צוריקקעהרען צו גאָט, צו אַ בעגייסטען גלויבען, אַ גלויבען אין נייע טרוימען.

„אין אונגליק ווערסטו דיין גאט געפינען", אום צו האבען אויף וועמען די שולד ארויפצואווארפען.

און איהר, וועמען דער גרעסטער אונגליק אפילו האט קיין גאט ניט געבראכט, בעשולדיגט זיך אליין, אדער שטומט!

איך האב ליעב דעם פערצווייטיגען מענשען, מיט זיין גלויבען אין א העכערע קראפט.

בעשולדיגען עמיצען מוז מען, א כפרה־הינדעל דארף מען האבען, — איז דאך שוין בעסער, אז דער בעשולדיגטער זאל זיין א הויכער גאט איידער א ניעדעריגער קאפיטאליסט.

איך האב ליעב דעם פערצווייטיגען מענשען.

ער האט אין צייט פון א מבול געבויט א קאסטען און זיך גע־רעטעט.

און דער היינטיגער האט גרויסע שיפען, גאנצע שטעדט אויפ'ן וואסער און קען זיך ניט רעטען...

גוטע מענשען, בעשולדיגט ניט די נאטור!

פאמפאדור איז זיכער, אז די נאטור איז א פרוי: די נאטור קען שטיפען און מוז שטיפען: די נאטור איז לייכטזיניג ווי א צעהן־יעהריגע מיידעל און ווילד־פערשייט און קאקעטיש ווי אן אכצעהן־יעהריגע.

און יעדער שטיף קאסט קרבנות: פרעגט די יונגע לייט, און זיי וועלען אייך דערצעהלען.

די נאטור איז די איי בי גע פרוי, די פערפיהרעריז, די בייזע און די גוטע, די ליעבענדע און די שלעכטע צוזאמען.

איהר קענט זי ניט פיינט האבען כאטש זי טהוט אייך שלעכטס, כאטש זי פערזינקט די שיפען פון אייערע האפנונגען און פער־פלייצט אייערע העכסטע טרוימען.

און פאמפאדור האט זיך אויף א ווילע פערטראכט און ער האט ווייטער גערעדט:

איהר ווייסט פאר וואס איך ליעב אן אונגליק? — ווייל דורך איהם זעה איך אם שטארקסטען די אהנמעכטיגקייט פון דעם מענ־שען; איך האב ליעב צו זעהן, ווי עס צאפעלט זיך דער מאדערנער־

קולטור־טרעגער, לופט־שיפען בעזיצער און באהנען־אייגענטהימער, וואס בעריהמט זיך, אז ער האט שוין באלד אלעס ערפונדען...

יעדער גרויסער אונגליק — איז ביי מיר א פראטעסט אנטקעגען די ערפינדער.

ווארום האבען זיי ניט ערפונדען א גארטעל צום שטורמענדען ים אנשטאט א קארסעט צו דאס ברויזענדע פרויען־הארץ?

יעדער גרויסער אונגליק — איז א גרויסער חוזק־מאכען פון דער נאטור, דעם שטאלצען מענשען אין פנים אריין; דאס איז נאטור'ס בייזע סאטירע, וואס וויל פון גאר ניט וויסען.

תלמידים מיינע! איך האב ליעב די גרויסע שטורעמס, גרויסע פערפלייצונגען און גראמאדנע וואלד־פייערען, ווייל זיי זיינען דער אויסדרוק פון גבורה און העלדישקייט.

איך האב פיינט די זעפיר־ווינטלאך, די זיידענע לאנקעס, די קריסטאלענע טייכלאך, די פער'חלום'טע הימלען — ווייל זיי זיינען סמנים פון שוואכקייט.

תלמידים מיינע! יעדער אונגליק איז א גליק. יעדע פערפלייצונג איז אין דער זעלבער צייט אויך אן אפשווענקערין פון אונריינקייטען און מיאוס'קייטען.

א גרויסער אונגליק — דאס איז א וואנע פאר דעם קערפער פון דער געזעלשאפט, עס מאכט איהם רייגער...

איך שרעק זיך ניט פאר נאטור'ס צארן: די מענשליכע דומהייט איז פיעל שרעקליכער.

יעדע קליינע מלחמה קאסט פיעל מעהר, ווי צעהן פערפלייצונגען.

א נאטור־אונגליק — איז א מאסען־מארד אהן א פלאן; מלחמה — איז א געפלאנטער מאסען־מארד.

א נאטור־אונגליק — איז א קריעג אהן דיפלאמאטיע און אהן הכשרים פון געקרוינטע אידיאטען...

דער ביקס האט מעהר לעבענס פערניכטעט ווי הונדערט פייער־שפייענדע בערג, „טרייענגעל"־פייער'ן און „טיטאניק"־קאטאסטראפען.

פאמפאדור שרעקט זיך ניט פאר נאטור־אונגליקען!

בעסער צופּאטשט ווערען פון א פרייער כוואליע איידער פער־שאָטען ווערען אין א פינסטערער קויהלען־גרוב.

בעסער פערשפּייט ווערען פון א פייער־באַרג איידער פער־שפּייט ווערען יעדען טאָג פון פאבריק־שקלאפעריי.

בעסער שטארבען אויף א שיף אין מיטען ים, איידער אין א פינסטערען פייכטען קעלער.

תלמידים מיינע! האָט ניט מורא פאַר נאַטור־אונגליקען. זיי ברענגען נייע אמת'ן און שאפען נייע תורות פאַר דער וועלט און שטויסען דער געזונקענער מענשהייט צו נייע הויכקייטען.

אזוי האָט גערעדט פּאַמפּאדור.

### וועגען זעלבסטמאָרד און טויט.

תלמידים — האָט אויסגערופען פּאַמפּאדור — באַלד איז פריהלינג און איידער די זון וועט זיך צוואווארעמען, וויל איך איינבאפּען און רעדען צו אייך וועגען זעלבסטמאָרד און טויט.

איך האלט מעהר פון א זעלבסטמערדער ווי פון א געוועהנלי־כען בר־מנן, ווייל איך האלט שטענדיג מיט דער מינאָריטעט, און דערהוייל שטארבען נאָך מעהר מענשען דורכ'ן מלאך־המות און דורכ'ן דאָקטאָר, איידער דורך אייגענער מיה און פערלאנג.

איך בין פאַר זעלבסטמאָרד! ווייל בעגעהן זעלבסטמאָרד, הייסט ביי מיר שטאַרבען מיט דעם א י ג ע נ ע ם טויט.

שטארבען ווי געוועהנליך — הייסט ביי מיר שטאַרבען נאָך דעם אייביגען פּאַסאַן פון מלאך־המות...

אַ, איהר שוואכע ברואים'לאך, הערט זיך צו:

זעלבסטמאָרד — דאָס איז דער פּראָטעסט קעגען לעבען, דאָס איז דער שפּיי אין פּנים אריין דעם מלאך־המות, דאָס איז די פער־ניכטונג פון א פעסטונג, אַנשטאָט זי איבערגעבען צום שונא.

טויט — דאָס איז אַ טראַטואַר געלעגט פון דער מלאך־המות־רעגיערונג — אַלע מוזען אויף איהם געהן...

זעלבסטמאָרד — דאָס איז אַראָפּ פון טראַטואַר; דאָס איז אַ שפּאַציער אין מיטען גאַס, דאָס איז אַ וועג פאַר זיך אַליין.

און אַז איהר ווילט ניט זיין אַזוי ערנסט וועל איך זאָגען:

זעלבסטמאָרד — דאָס איז ראַזירען זיך אַליין, דאָס איז פרייהייט פון צושניידען זיך אַליין.

טויט — דאָס איז וואַרטען אויף דער רייהע אין אַ באַרבער־שאָפּ...

און ווילט איהר נאָך מעהר לאַכען, זאָג איך:

טויט — דאָס איז הייראַטה דורך אַ שדכן.

זעלבסטמאָרד — דאָס איז הייראַטה דורך ליעבע.

שטאַרבען ווי געוועהנליך — הייסט זיין אַ פיינער בירגער אויף דער וועלט און אויף יענער וועלט.

זיין אַ זעלבסטמערדער — הייסט שטאַרבען אָהן די ערלויבניש פון דאָקטאָר, הייסט ניט אַנערקענען קיין רעצעפּטען, הייסט אויסלאַכען בעלי־חובות, הייסט אָבטהאָן אַ שפּיצעל דער גאַנצער וועלט...

און אַ שאַרפער קנייטש האָט זיך בעוויזען אויף פּאָמפּאַדור'ס שטערען און ער האָט אַזוי געזאָגט:

אָרעמע מענשען! וואָרום זייט איהר אַזעלכע שונאים פון זעלבסטמאָרד און פריינד פון מאָרד?

וואָהם מאָרדעט איהר רעכטס און לינקס אָהן רחמנות, און האָט פיינט ווען איינער ערמאָרדעט זיך אַליין?

וואָרום מוז מען ביי אייך אפילו ש ט אַ ר ב ע ן קאָלעקטיוו, און בעגראָבען ווערען לויט אַ קאָנסטיטוציע פון אַ פעראיין?..

נאַרישע מענשען! וואָרום ליעבט איהר דעם לאַנגזאַמען כאַרכלען פון אַ גוסס, און האַסט דעם הילכיגען שאָס פון אַ זעלבסטמערדער?

וואָרום מוזט איהר וואַרטען ביז אייער קערפּער ווערט אַ חורבה?

וואָרום טהוט איהר אַזוי ניט מיט אייער הויז? וואָרום צו־וואַרפט איהר אַ בנין גלייך ווי ער צייגט נאָר סמנים פון פויל־קייט?...

אַ זעלבסטמערדער איז פריהער פון אַלץ ניט קיין טרוס...

נעהמען זיך אַליין דאָס לעבען, איז דאָס זעלבע ווי צו לעבען אַליין. דערהצו דאַרף מען האָבען קוראַזש...

אַ, איהר האָזען אין מענשען געשטאַלט, זאָגט! וואָרום קענט איהר אַליין ניט ענדיגען אייער לעבען?

תלמידים מיינע! דער צוקינפטיגער מענש וועט זיין דער זעלבסטהערשער אויף זיין לעבען און אויף זיין טויט...

איך בין פאַר זעלבסטמאָרד, ווייל איך בין פאַר זעלבסטשטענ־דיגקייט...

איך וויל פרייהייט פון טויט, ווייל איך וויל פרייהייט פון לעבען!...

ווען אַ מענש קען ניט געבוירען ווערען ווען ער וויל, דאַרף ער אָבער קענען שטאַרבען ווען ער וויל.

אוי, ווי איך האָס די געשעפטס־לייט פון טויט, די הענדלער פון תכריכים, די פעדלער מיט טרעהרען, די סוחרים פון לויות, די קרקע־פערקויפער און פושקע־קלאַפּער!...

איך וויל שטאַרבען פּלוצלונג!...

וואָרום פאַלט אַ שטערען פּלוצלונג פון הימעל אַראָב?

איך וויל זיין אַ פאַלענדער שטערען!

איך וויל אפילו ניט וואַרטען ביז דער פריהמאָרגען וועט מיך אויסלעשען...

נאָכדעם האָט זיך פּאַמפּאַדור אַביסעלע בערוהיגט און אַזוי געזאָגט:

פריינדע! אַלע זעלבסטמאָרדען זיינען שעהן.

אַ שאָס אין שטערען — דאָס איז אַ פּאָעטישער טויט. דאָס איז קלאַנג, געזאַנג און ריטם.

נעהמען זיך דאָס לעבען דורך סם — דאָס איז אַ פילאָסאָ־פישער טויט, דאָס איז נודנע, לאַנגווייליג און צוציגען אָבער זיכער.

דערטרינקען זיך — דאָס איז ליעבע־טויט. ווייל ליעבען הייסט פערלירען דעם קאָפּ, אַנגעהמען די אויערען פול מיט וואסער, פער־גיסען די אויגען מיט שוים, ניט הערען און ניט זעהן דעם טיע־פען אבגרונד, וואָס ציהט אייך אין זיין שוים...

און דערמאָנט האָט זיך פּאָמפּאדור אַן זיין ליעבע, וואָס ער קען ניט פערטיליגען פון הארצען, און אויסגערופען האָט ער אזוי:

אונגליקליכע פערליעבטע! נעהמט זיך דאָס לעבען צוליעב ל י ע ב ע — נאָר ניט צוליעב א פ ר ו י!

פרויען זיינען דאָ פיעל, ליעבע — ניט.

קענסטו מעהר ניט ליעבען — שים זיך אריין א קויל אין שטערען... ווייל דו ביזט אַלץ איינס שוין א בר־מנן...

תלמידים! לערענט זיך צו שטארבען זעלבסטשטענדיג און איהר וועט זיך דערהויבען צום צוקונפטס־מענש!

אזוי האָט גערעדט פּאָמפּאדור.

### וועגען יאָהרען און קאלענדארס.

„...און ווידער איז א יאָהר פערזונקען אין דעם ים פון אייביגקייט". אזוי זאָגען אַלע דיכטער, ליגנער און פראזען פלעכטער.

פּאָמפּאדור האלט ניט פון פראזען.

פאר פּאָמפּאדור'ן זיינען ניטאָ קיין אַלטע און נייע יאָהרען.

פּאָמפּאדור לאכט פון דעם קאַלענדאר ווי פון דעם זייגער. ניט געוואוסט האָט דער מענש ווי צו לעבען, איז איהם לאנגווייליג געוואָרען, האָט ער גענומען א שטיק האָלץ, אויסגעקריצט אויף איהם א ציפער־בלאַט, בעשטימט די צייט און זיך געזעצט נודיען...

נודנע איז געוואָרען דעם מענשען צו שפּאנען צו פריי, ברייט און מונטער אין דער אייביגקייט, האָט ער גענומען א בלעטעל, אויפגע־שריעבען אויף איהם טעג, וואָכען און מאָנאטען און געמאכט א קאַלענדאר.

פּאַמפּאַדור'ן איז וואויל אַהן קאַלענדאַרס און אַהן זייגערס...
אויב ער האַלט שוין יע פון אַ זייגער, איז בלויז פון עכטען גאָלד,
ווייל אַזאַ איז גוט אַמאָל צו פערזעצען. און אויב ער האַלט נאָך פון
קאַלענדאַרס איז דאָס בלויז אַ קאַלענדאַר, פון וועלכען מען קען
יעדען טאָג אַרונטער־רייסען אַ בלעטעל.

פּאַמפּאַדור האָט ליעב אַרונטער־צו־רייסען די טעג.

שטעהסט אויף אין־דער־פריה, גיסט אַ ריס אַ בלעטעל און —
ניטאַ קיין טאָג.

31 אַזעלכע ריסען און — היידאַ מיט אַ מאָנאַט.

365 ריסען און — אויס מיט אַ יאָהר.

דאָס איז אַ שפּיעל מיט דער אייביגקייט, מיינע פריינד.

ער רייסט און לאַכט...

— וואָס זיינען אַלטע און נייע יאָהרען? — פרעגט פּאַמ־
פּאַדור.

איך וואָלט געגלויבט אין די נייקייט פון יאָהרען ווען אויף
מאָרגען נאָכ'ן אַלטען יאָהר, וואָלט איך דערזעהן אַ נייעם הימעל
איבער מיין הוט, אַ נייע ערד אונטער מיינע שיך; נייע מענשען
מיט נייע אויגען־פינטעלעך אין די גאַסען.

אָבער אַזוי, פרעג איך, וואָס איז דער חילוק צווישען אַלט
און ניי?

איך פרעג אייך, ווען איך וואָלט ניט געקראָגען אַן אומזיס־
טען קאַלענדער וואָס וואָלט מיך דערמאָהנט, אַז עס איז אַ נייער
טאָג פון אַ נייעם יאָהר?

תלמידים מיינע! ווען איהר פערקלייבט זיך אין אַ געדיכ־
טען וואַלד, וואו עס קרעהען ניט קיין העהנער, וואו עס קלאַפּען
ניט קיין זייגערס און עס העננען ניט קיין קאַלענדערס — וועט
איהר דען ניט אַלט ווערען?

און ווען איהר וואוינט אין שטאָדט, און צעהלט די יאָהרען,
קענט איהר דען אימער יונג זיין?

פּאַמפּאַדור גלויבט ניט אין אייביגע יוגענד, דאָרום לאַכט ער
פון דער צייט; ער ווייס אַהן חשבונות וויפיעל יאָהרען ס'רוהען
אויף זיינע פּלייצעס...

דערפאר פאלען דאך ביי איהם אויס די האר פון קאפ און מעהרען זיך די קנייטשען אויף זיין פנים...

צעהלען יאהרען — דאס איז צוואנג־ארבייט פאר דער נשמה...

צעהלען יאהרען — דאס האט אויסגעטראכט א ביטערער שדכן, וואס שרעקט יונגע לייט און מיידלעך מיט אלטקייט און קברים־בלעטלאך כדי צו מאכען שדכנות־געלד.

צעהלען יאהרען — דאס האט אויסגעטראכט דער ערשטער קברן אויף דער וועלט, וואס האט ניט געהאט קיין פרנסה — קיי־נער פון די בעלי בתים פון זיין שטעדטעל האט ניט געוואלט שטארבען. האט ער פון גרויס עגמת נפש צוטיילט די צייט אויף יאהרען און געווארט אויף מתים...

תלמידים מיינע! ווען איך שטעל, למשל, א דין שטעקעלע אין ים און זאג אייך: מיט דערמיט וועל איך אויסמעסטען די טיעפ־קייט פון זיינע וואסערען, — וועט איהר דען זיך ניט צולאכען?

אויב אזוי, לאכט פון די מענשען, וואס ווילען מיט א דין בלע־טעל פון א קאלענדאר מעסטען די אייביגקייט!

תלמידים מיינע! קעהרט אום דעם קאלענדאר מיט די צי־פער צום וואנט, לאכט פון אלטע און נייע יאהרען, מאכט א לעבען און זייט פרעהליך ביז דעם אנקונפט פון דעם נייעם מענשען.

אזוי האט גערעדט פאמפאדור.

וועגען ציינער און דענטיסטען.

נעהמט ארויס אייערע ציינער, מיינע פריינד! — זאגט פאמ־פאדור.

דער צוקונפט־מענש דארף ניט האבען קיין ציין.

דער מענש ווערט שוין היינט נעשאצט נאך די ציין נאך:

וואָס מעהרער געזונטע ציינער ער האָט אַלץ מויל אַלץ פּרימי־טיווער איז ער.

און וואָס מעהר ציינער עס פעהלען איהם אַלץ מעהר קולטו־רעלער איז ער.

ציינער — זיינען אַ סימן פון געזונד, פון געזונטע שפּייזען און פון נאָהענטקייט צו דער נאַטור.

ציינער — זיינען אַ סימן פון ווילדקייט. דער נאָר אַמאָליגער מענש האָט געמוזט געברויכען זיינע ציינער אין קאַמפּף מיט זיין שונא, דער הייגטיגער האָט שוין אַנדערע מיטלען...

אין דער צוקונפט וועלען מענשען ווייך זיין און בלויז ווייכע זאכען שלינגען.

יעצט איז נאָך די גאָלד־פּעריאָדע, אין מויל, אָבער מיט דער אָבשאַפונג פון גאָלד וועט דער מענשענס מויל פּוסט ווערען ווי דאָס האַרץ זיינס.

אַ מויל אָהן ציינער — הייסט זיין אַלט, קלוג, ערפאַהרען און גרויס־שטעדטיג.

ציינער זיינען איבעריג ווי ס'זיינען איבעריג די אויגען.

דער צוקונפט־מענש וועט אַלץ געפינען פאַר זיך צוקייט.

ער וועט בלויז דאַרפען שלינגען, און דאַרום בלויז היטען דעם שלינג־אָרגאַן.

און די צוקונפטיגע געזעלשאַפט קוקט אויס אין פּאַמפּאַדור'ס אויגען ווי אַן אַלטע אויגען־לאָזע און ציין־לאָזע אַלטיטשקע — וועלכע לעבט נאָר אויף איהרע זכרונות...

געבענשט זאָלסטו מיר זיין דו, צוועגגעל פון דענטיסט, דו רייסט זיך צום צוקונפט־מענש!

אזוי האָט גערעדט פּאַמפּאַדור.

און די תלמידים האָבען זיך צורעדט וועגען אנטיסעמיטיזם און זיינע שלעכטע פאָלגען פאר דעם אידישען פאָלק, און זיי האָבען בעדויערט וואָס די שנאה צו אידען, בעצאָהלט זיך אפילו אין אזא פרייער לאנד ווי אמעריקא.

און פאַמפאַדור איז געזעסען א שוויינענדער צווישען זיי, א שמייכעל האָט זיך געשפּיעלט אין די ווינקלען פון זיין מויל אבער ער האָט גאָרניט געזאָגט.

— פאר וואָס זאָגסטו אונז גאָרניט ? — האָבען זיך די תלמידים צו איהם געווענדעט — די תלמידים ווילען וויסען די מיינונג פון פאַמפאַדור וועגען אַנטיסעמיטיזם.

און פאַמפאַדור האָט א שאָקעל געטהאָן מיט'ן קאָפּ און אזוי געזאָגט :

תלמידים ! איהר בעדויערט אנטיסעמיטיזם ? — איך ניט !
איהר האסט אנטיסעמיטען ? — איך ניט !

און וואונדערהט זיך ניט ! פאַמפאַדור האָט זעהר פיעל גע־קלעהרט וועגען דעם, און ער איז געקומען צום שלום, אז אנטיסע־מיטיזם איז דאָס גליק פון אידישען פאָלק.

אנטיסעמיטיזם — דאָס איז קנאה צו אונז אלס אַן אייביג לע־בעדיג פאָלק. און קנאה איז געזונט פאר א גאַנץ פאָלק ווי פאר איין מענש.

קנאה — איז קאַמפּף, איז לעבען, איז ניט פערגינען. און אַז מען פערגינט מיר ניט, איז א סמן אז איך בין עפּעס, אז מען רע־כענט זיך מיט מיר.

און אז מען רעכענט זיך מיט'ן אידישען פאָלק איז א פאקט, ווייל וואָס זיינען די פּאָגראָמען אויב ניט קיין ג ר ו י ס ע ר ע־כ ע נ ו נ ג מיט אונז ? —

אנטיסעמיטיזם — איז שנאה צו אונז אלס פאָלק. און שנאה איז דער שטויס צו ארבייט און טהעטיגקייט.

אנטיסעמיטיזם — אויב ניט דער טאַטע, איז ער דער שטיעף־טאַטע פון אונזער אייביגען „זיי גרייט צו אלץ", און א פאָלק מוז זיין שטענדיג גרייט צו בעגעגענען א שונא.

די פלייסיגקייט פון אונזערע קינדער אין די שוהלען פון אלע לענדער — דאָס איז דער רעזולטאַט פון דורות לאנגע אונטער־דריקונג.

אונזער געניאַליטעט — דאָס איז דער חשק צו אראָפּקייקלען די שטיינער וואָס מען האָט אָנגעווארפען אויף אונזער קאָפּ.

אונזערע וואונד'ער־קינדער — זיינען אויסער קינדער פון אָרי־מע לייט, אויך קינדער פון אנטיסעמיטיזם.

אונזער מארד־געוויקסיגקייט — איז דער רעזולטאַט פון וואוקס פון אנטיסעמיטיזם.

תלמידים! פּאָמפּאַדור האָט זעהר פיעל פון אנטיסעמיטען ווי ער האָט זעהר פיעל פון פיינדליכע קריטיקער.

אנטיסעמיטען ווי פיינדליכע קריטיקער, קענען גוט אַדווער־טייזען. און אַ פאָלק, ווי אַ פערפאַסער, נויטיגט זיך אין אַדווערטייז־מענטס. דאָס מאַכט איהם אַ נאָמען... אַ פאָלק ווי אַ מחבר, דאַרף האָבען שונאים אום ארויסצואווייזען זיין גאנצע גרויסקייט.

פּאָמפּאַדור האָט ניט ליעב די אוהבי־ישראל, די צדיקי אומות העולם, די וואָס ערקלעהרען זיך אונז אין ליעבע ציטירענדיג פסוקים פון תנ"ך.

ערשט אַט די אוהבי־ישראל טוען אונז ניט קיין גוטס, ווייל זיי האָבען אויף אונז רחמנות. און רחמנות איז אַ מצבה אויף אַ פאָלק'ס עהרע.

געבענשט זאָלען זיין די המן'ס, די שטעקער'ס, די סואוואָרין'ס פון אלע דורות! זיי האָבען פאַר אונז מעהר אויפגעטהאָן ווי די חרבונא'ס, וולאַדימיר סאָלאָוויאָוו'ס, גאָרקי'ס און אנדערע.

ווען מיר וואָלטען געווען ארומגערינגעלט בלויז מיט ליעב־האָבער, וואָלטען מיר פערבליבען בלויז קרעמער, מלמדים און

בטלנים, נאר א דאנק אונזערע שונאים זיינען מיר געווארען דיפלא־מאטען און לעהרער פון דער מענשהייט, און וואס ניט ?

און זעהר גוט איז אויך וואס דער אנטיסעמיטיזם בעצאהלט זיך, וואס עס לוינט זיך צו ווערען אן אנטיסעמיט, ווייל אויס בלויזען אידעאליזם וואלט עס קיינער ניט געווארען...

און פאמפאדור האט זיך פערקוקט אויף א מחנה פויגלען וואס האט זיך געטראגען אונטער'ן אסיען־הימעל, און ער האט אזוי גע־זאגט:

קורצזיכטיגע תלמידים מיינע! קוקט אן די פויגלען וואס פלי־הען אין איין גרויסע מחנה. — דאס זיינען די פארפאלגטע קינ־דער פון דער נאטור. זיי פליהען עס איצט צו זוכען א ווארימע היים אויס מורא פאר קעלט און פראסט, אויס פורכט פאר דער שנאה פון דעם צפון־לאנד.

ווען ניט דיעזע מורא — וואלטען זיי אלע געבליבען אויפ'ן פלאץ און אויסגעשטארבען.

אנטיסעמיטיזם — דאס איז דער שטענדיגער צפון־ווינד וואס טרייבט אונז צו זוכען אימער און שטענדיג נ י י ע  ה י י מ ע ן — און דאס ראטעוועט אונז פון פערניכטונג.

און פאמפאדור האט זיך אויפגעהויבען צו געהן אין דער ריכטונג פון די פליהענדע פויגלען, נאר די תלמידים האבען איהם פערהאלטען, ער זאל נאך עפעס זאגען, און ער האט געזאגט:

תלמידים! פאמפאדור האלט סתם ניט פון ליעבע פון איין פאלק צום צווייטען, ווי ער האלט ניט פון ליעבע צווישען פרוי און פרוי. א פרוי ליעבט נאר א חבר'טע צייטווייליג, ביז עס ווייזט זיך א געלעגענהייט צו קריגען א מאן. ווי עס ווייזט זיך נאר דיעזע גע־לעגענהייט, פערשווינדט איהר ליעבע.

א פאלק ליעבט נאר א צווייטען פאלק ביז עס ווייזט זיך א געלעגענהייט פאר א  ר ו י ב ע ר י י — גלייך ווי עס ווייזט זיך דיעזע געלעגענהייט — איז אויס ליעבע!...

פרויען, ווי פעלקער זיינען אין נאטור — רויבער.

ווייסט איהר וואס הייסט ליעבע פון איין פאלק צום צווייטען? דאס הייסט: איך וויל דו זאלסט מיך אנערקענען אלס דער קאפ

פון דער ציוויליזאציע, אלס די קרוין פון דער מענשהייט! און זאָלסט זיך בויגען פאר מיר!

און ווייסט איהר וואָס הייסט שנאה פון איין פאָלק צום צווייטען? — דאָס הייסט: איך אנערקען דיין מאכט. איך וועל דיך ניט טשעפּען און דו טשעפּע מיך ניט! ווייל איך האָב מורא פאר דיר.

פון פעלקער־ליעבעם — קומען ארויס די זאָגענאַנטע „בונדען“: צוויי־בונדען, דריי־בונדען, א. ז. וו., און אז פעלקער פערבינדען זיך, בעדייט עס קריעג; הייסט עס, אז מען וויל אימיצען אין דער גיכער צוקונפט בערויבען...

פעלקער־ליעבע — הייסט אויך אסימילאציע, הייסט, לאָז זיך און איך וועל דיך איינשלינגען.

פעלקער־שנאה — הייסט זעלבסטשטענדיגקייט.

פעלקער מוזען זיך פיינט האבען. וואָס מעהר זיי האבען זיך פיינט, אלץ געזונטער איז פאר דער ציוויליזאציאָן, אלץ מעהר אכ־טונג האבען זיי איינער צום צווייטען.

פּאמפּאדור איז פאר א שטארקער שנאה צווישען פאָלק און פאָלק! ווייל נאר די ליעבע האָט פעראורזאכט די היינטיגע וועלט־מלחמה.

תלמידים! רופט מיט מיר הוררא פאר'ן אנטיסעמיטיזם!

אנטיסעמיטיזם — דאָס איז אונזער רעכט אויף לעבען, אונ־זער וועג צו זעלבסטשטענדיגקייט, אונזער בלוט־סערום פאר די מיקראָבען פון טוידט, אונזער עקזאמען פאר דעם טריבונאל פון דער געשיכטע...

פּאמפּאדור וויל ניט אז זיין פאָלק זאָל זיין א בעליעבט פאָלק צווישען פעלקער, ווייל א בעליעבט פאָלק צווישען ל ע ב ע ד י ג ע פ ע ל ק ע ר, הייסט — א פערשוואונדען פאָלק ,א טויט פאָלק.

פון די רוימער רעדען אלע מיט אכטונג, ווייל די רוימער זיי־נען טויט...

פריינד מיינע! נאָר א שנאה פון פעלקער האָט אונז גרויס געמאכט אלס ק ל י י ן פאָלק, און נאר זייער אייביגער האַס האָט אונז געמאכט פאר אן אייביג פאָלק.

אזוי האָט גערעדט פּאמפּאדור.

— איהר קענט עפּעס פייפען? — האָט פּאָמפּאדור איינמאָל אין אַן אַסיען־אבענד זיינע תּלמידים געפרעגט.

און ווען זיי האָבען געענטפערט אַז „ניין", האָט ער צו זיי אַזוי געזאָגט:

תּלמידים מיינע! פייפען איז אַ גרויסע זאַך.

פייפען מוז מען קענען אום צו זיין ערפאָלגרייך אויפ׳ן פייף־קאָנצערט פון לעבען.

איהר דאַרפט ניט זיין קיין מוזיקער: שפּיעלען פיעדעל ווי מישאַ עלמאַן; פּיאנאָ, ווי פּאַדארעווסקי — אָבער פייפען, דאָס מוזט איהר קענען!

אַרימע! אויב איהר קענט ניט מאַכען פון אייערע ליפּען אַ פייף־אינסטרומענט, דאַן זייט איהר אַ קליין מענשעלע, אַ שוואַך נפש׳ל, אַן אויסגעפּיפּענע בעשעפעניש — און ניט מעהר.

פייפען — איז ערפאָלג.

פאַראַן ביי אונז פיהרער, כלל־טהוער, און קהל׳שע קליאמקעס, וואָס זייער גאַנצער כח ליגט אין — פ י י פ ע ן  א ו ן  אָ נ פ י י־פ ע ן...

פייפט אויף אידעאַלען, יושר און ליעבע, און איהר וועט האָ־בען דאָס גליק אלם שטענדיגען שכן אין אייער הויז.

פייפט אַן עמיצען עטליכע טויזענד דאָלאַר, און איהר וועט לעבען פייפענדיג.

איילט זיך און פייפט אויס אייער חבר, וואָרום ווען ניט וועט ער  א י י ד  אויספייפען.

אויספייפען אַ גאַסען־ליעדעל, בעצאָהלט זיך היינט מעהר, ווי אָנצושרייבען אַ גאַנצע ליטערארישע פּאָעמאַ...

ווי נאַריש די מענשען זיינען דאָס געווען אַמאָל!

אַמאָליגע ראָמאַנטיקער און ליעבע־קרעכצער, פּלעגען נאַכט־איין, נאַכט־אויס, אויסקרעכצען זייערע סערענאַדען ביי די פענס־

טער פון זייערע געליעבטע, און מעהרסטענס פלעגען זיי בלייבען בײַ די קרעכצען; די בת־מלכות, די פּרינצעסינס, פלעגען זיך ניט בעווייזען כאָטש גיב זיי אכצעהן. א היינטיגער פּראָסטער יונגער־מאַן פערדרייסט דעם קאָפּ צום „פייער־עסקייפּ", נעהמט צונויף די ליפּען, מאַכט פון זיי א בייגעל, לעגט צו א פינגער, גיט א פייף און די געליעבטע פליהט אַרונטער פון די טרעפּלאַך ווי א פילקע...

פאַראַן א סך זאַכען אין לעבען, וואָס איהר טאָרט זיי ניט בעהמען ערנסט, נאָר איהר מוזט אויף זיי געבען — א פייף...

פּאַמפּאַדור איז מיט זיין גאַנצע נשמה פאַר פייפען!

הלואי וואָלטען מעהרערע מענשען געקענט פייפען, וואָלטען מיר וועניגער אַנגעפּיפּען געוואָרען פון די — איינצעלנע.

פייפען — דאָס איז דער סיגנאַל צו דער בעפרייאונג פון די אַרבייטער־מאַסען:

עס וועט קומען א צייט, און מיט איין פייף פון א גענעראַל סטרייק וועט מען אַבשטעלען טויזענדער און טויזענדער פאַבריקען...

פייפט, מיינע פריינדע! זאָל דער שאַרפער פייף פון דער צוקונפט צושפּאַלטען די פוילע לופט פון דעם היינט, זאָל ער דורכשניידען די קעפּ פון די קליין־בירגער און גייסט־פערשלעפּערער און זאָלען מיר דערגרייכען מיט א פייף צום גייעם מענשען!

אזוי האָט גערעדט פּאַמפּאַדור.

וועגען גנבים און גנבה.

לעדיגט אוים די קאַסע פון פאָלק, זאָגט פּאַמפּאַדור.

די קאַסע פון פאָלק — דאָס איז א שטענדיגע אינסטיטוציע פאַר גנבה.

דאָס פאָלק גלויבט אַלץ איינס, אז מ'בע'גנב'עט איהם און

ווארום זאָל מען צושטערען איינע פון די שעהנסטע גלויבענס זייד נע?

די גאנצע היינטיגע אָרדנונג — איז א גרויסע רויבער־האנד אין דער טיפער קעשענע פון פאָלק.

די חכמה פון אריפמעטיקע, איז די ק ל ע ה ר ס ט ע, אָבער אויך דערויף זיינען דאָ בוכהאלטארען און סעקרעטארען — אויף צו פערדרעהען די ציפערן...

די קעשענע פון פאָלק איז א ט י ע פ ע, דערפאר זיינען די פינגער פון די פיהרער ל א נ ג ע.

וואָס הייסט א גנב? פרעגט פאָמפאדור.

און פאָמפאדור ענטפערט: א גנב איז א מענש וואס קען בע־האלטען.

קענסטו בעהאלטען? — מעגסטו גנב'ענען!

אנטלויפען מיט דער קאסע איז קיין חכמה ניט — א חכמה איז גנב'ענען און בלייבען לעבען דער קאָסע.

נאָך קליגער איז צו גנב'ענען מיט א הכשר, מיט א פּראָ־טעקציע אונטער דעם הייליגען שוץ פון געזעץ.

יעדער מענש האָט אין זיך 99 פּראָצענט גנב און איין פּראָ־צענט עהרליכער מענש.

אויב איינער איז ניט קיין גנב, האָט ער וואָס צו טהאָן מיט גנבים. לעבט ער פון גנבים, קויפט ער פון גנבים.

א קעשענע גנב — איז א ספּעקולאטאר אָהן גרויסע אמבי־ציעס.

א וואָלל־סטריט ספּעקולאטאר — איז א גנב מיט א רייכע פאנטאזיע.

א דיפּלאָמאט — איז א גנב מיט שעהנע מאניערען.

פאָמפאדור אנערקענט ניט קיין פּריוואט־אייגענטום.

פּריוואט אייגענטהום — איז גנבה געשיצט פון פּאָליציי און ריכטער.

וואס איז דער חילוק צווישען א קאפּיטאליסט און א געשיק־טען גנב? פרעגט פּאָמפּאדור.

און פּאָמפּאדור ענטפערט:

א קאפּיטאַליסט איז א גנב, וואָס ווערט בעשיצט פון רעגיערונג.

און א געשיקטער גנב איז בעשיצט פון זיין רעוואָלווער.

ביידע לעבען פון געוואַלד, ביידע זיינען בעוואָפּענט.

אַריסטאָקראַטען־גנבים — הייסען ביי מיר די וואָס ברעכען אויף סייפס.

דעמאָקראַטען־גנבים — הייסען ביי מיר די וואָס גנב'ענען פון קעשענעס.

פינגער — דאָס זיינען שלוחים פון גנבים.

א שלאָס — דאָס איז בלויז גימנאַסטיק פאַר גנבים.

אַלץ וואָס איז פעהיג און וויל לעבען — גנב'עט.

רעצעפּטען — דאָס זיינען בלויז געשריעבענע גנבה.

זשורנאַליסטיק — איז געדרוקטע גנבה.

אייניגע גנב'ענען בלויז ווערטער; אנדערע אויף סיוזשעטען; קלינגערע גאַנצע ביכער; געניעס — בע'גנב'ענען זיך אַליין.

גרויסע ראָמאַניסטען — דאָס זיינען גנבים אין א גרויסען פאָרמאַט.

קליינע סקיצע־שרייבער — דאָס זיינען גנבים בלויז אויף בעשרענקטע קאָלומס.

יעדער סוחר איז א גנב מיט א טשעק־בוך.

מסחר — איז גנבה אויף אן אוננאַטירליכען אופן.

גנבה — איז מסחר אויף א נאַטירליכען אופן.

איך האָב פיינט קליינע גנבים, ווייל זיי נוצען אויס זייער טאַלאַנט אויף קלייניגקייטען — אנשטאַט גנב'ענען מיליאָנען גנב'ענען זיי גראָשענס.

אם בעסטען האָב איך ליעב א טיטולירטען גנב: א סענאַטאָר אָדער א קאָנגרעסמאַן וואָס מיט א י י ן האַנט גנב'עט ער און מיט דער צ ו ו י י ט ע ר בלעטערט ער די קאָנסטיטוציע.

אם ערגסטען האָב איך פיינט די שטילע גנבים, די וואָס גנב'ענען זיך אַריין אין זאַקען אין אונזערע צימערען; די וואָס קריכען אויף די שפּיץ־פינגער צו אונזער נשמה...

פיעל בעסער זיינען שוין די וואָס קריכען גלייך מיט די שטיוועל און לאָזען הערען זייערע הילכענדיגע טריט.

די בעסטע זאכען מוז מען אריינשמוגלען, די שעהנסטע דימענטען ווערען געבראכט אָהן טאמאזשנע.

אין אייניגע לענדער מוז מען די שארפסטע געדאנקען גנב'ענען פון צענזור.

מעהרסטע פרויען זיינען גנבים.

א פרוי ווען זי איז א קינד גנב'עט זי פון טאטען.

ווען זי איז עלטער גנב'עט זי פון מאן. זי רופט עס ש פּ אָ ר ע ן.

א שעהנע פרוי איז א געפעהרליכער גנב, זי גנב'עט אונזער זעלבסשטענדיגקייט, אָפט אויך אונזער א י ך.

אן אָרימע פרוי — איז א גנב אין א פלייש־קרעמעל, א רייכע — איז א גנב אין א דעפּארטמענט סטאָר.

די שעהנסטע געפיהלען קומען ניט ארויס אָפען פאר דער וועלט, נאָר בגנבה. אין די שאטענס פון צימער.

די ערשטע ליעבע איז אימער א גע'גנב'עטע, דער ערשטער קוש ווערט גע'גנב'עט מיט שרעק און הארץ־קלאפּעניש.

דער מענש איז פון דער נאַטור א גנב; אדם הראשון האָט גע־געסען דעם ערשטען עפּעל בגנבה.

ווען אָדם הראשון וואָלט געווען אנגעשטעלט אין אן אָרדען וואָלט ער געווים גע'גנב'עט, נאָר צו זיין אונגליק איז נאָך דאן דער מלאך־המות ניט געווען און מ'האָט ניט געוואוסט פון טויטען־בע־נעפיט...

די נאַטור אליין איז א גנב'טע, זי גנב'עט אוועק פון מענשען די שעהנסטע אנטיקען, דימענטען, פּערל און גאָלד־אוצרות און בע־האלט זיי ערגעץ אין געהיימע ווינקעלאך, אויף די פינסטערע דע־קען פון ים און אין די גרעסטע וויסטעניש ען.

די נאַטור לערנט אונז גנב'ענען:

אנטקעגען די צעהן געבאָט האָט זי אונז געגעבען צעהן פינ־גער, כדי מען זאָל זיי קענען פערבייגען...

אָה, דו גרויסער פלאַקער פון מיין נשמה, אָה, דו אונשטיל־בארער דורשט מיינער צום לאַכען, זאָג! וויפיעל גוטע שטונדען האָסטו ביי מיר אוועקגע׳גנב׳עט, וויפיעל שעהנע מינוטען אוועק־געריבט אויף אייביג?

ווייל שאפען — דאָס הייסט גנב׳ענען זויבערע געפיה־לען פון הארצען און פערשמירען זיי מיט טינט...

אזוי האָט גערעדט פּאַמפּאַדור.

אין יענער צייט האָבען איהם די תלמידים געטראָפען לע־זענדיג די בייעס וועגען דער גנבה אין „אָר. רינג".

נאָך אמאָל וועגען אַלץ און אַלעס.

וואָס איז עסטעטיק? — פרעגט פּאַמפּאַדור.

עסטעטיק, מיין פריינד, איז ברייט ווי די הארץ פון א קאָ־קעטקע.

עסטעטיק, מיין פריינד, איז היינט גלאַנציגע נעגעל און אָן אומריין הארץ ביי איינער און דער זעלבער פּערזאָן.

אום צו זיין אן עסטעטיקער היינט, מוז מען אימער רעדען וועגען שעהנקייט, קונסט, קאַלירען און מאַניערען, דערביי מאַכענ־דיג אומגעלומפּערט מיט די הענט און שפּריצענדיג יענעם גלייך אין פּנים.

וואָס איז שייך מיר, האַלט איך וועניג פון היינטיגע עסטע־טיק און האָס די דאָזיגע עסטעטיקער און דערהויפּט די וואָס רעדען אימער פון עסטעטיק.

וואָס הייסט זיין צו יעדער צייט אן עסטעטיקער? יעדער מענש איז צומאָל א מלאך און צומאָל א חזיר.

יעדער מענש האָט אמאָל א פערלאַנג צו פליהען אין די הימ־לען און אמאָל דעם זעלבען פערלאַנג צו קריכען אין בלאָטע.

און אמאָל האָט ער ביידע פּערלאַנגען צוזאַמען אין איין מאָ־מענט.

ציינט מיר די בלויז עסטעטיקער און איך וועל זיי אריין לאָ־כען אין פּנים אריין.

אויך אין בלאַטע איז דאָ שעהנקייט.

אויך קרומע ליניעס זיינען סימעטריש. תּלמידים מיינע, רעדט מיט מיר ניט מעהר וועגען עסטעטיק.

וואָס איז ערציהונג? — פרעגט פּאַמפּאַדור און ער ענטפערט: ערציהונג איז גאָר ניט און אַלעס.

ערציהונג איז אַ שאַרפער מעסער אין די הענד פון קאַליקעס.

וואָס הייסט ערציהען אַ מענשען? וואָס הייסט צאַמען אַ ים? וואָס הייסען מעסטען אַן אבגרונד?

אָה, די ערציהונג פון די ניט־ערצויגענע, אָה, די קינדער און די עלטערן פראַגע ווי זי בעליידיגט מיך! איך גלויב ניט אין ער־ציהונג בכלל, און בפּרט אין גלייכע ערציהונג פאַר אַלעמען.

גלייכע ערציהונג — הייסט מאַכען מענשען פאַר ציגעל, וואָס ווערען געגאָסען אין איין פורעם.

גלייכע ערציהונג — הייסט אַבשאַפען דעם אויסנאַהם, דעם ווידערשפּרוך, דאָס וואונדערבאַרע.

אוי, די ערציהער אונזערע, ווי נאַקעט זיי שטעהען פאַר מיינע אויגען!

ערציהונג הייסט ביי אונזערע ערציהער מאַכען קונצען מיט דער נשמה פון פאָלק.

ערציהען דאָס פאָלק — הייסט ביי זיי זיך לערנען פאָהרען רייטען אויף זיינע פּלייצעס.

פריינד מיינע, גיט אַ געלעגענהייט איינציגע דורות צו ערציי־הען זיך אַהין ע ר צ י ה ו נ ג און איהר וועט קומען צום גליק־ליכען מענשען.

וואָס איז גענום? — פרעגט פּאַמפּאַדור.

גענום איז דאָס קינד פון ניט וויסען, די פרוכט פון געהיימנים.

געניסען — הייסט פערלייקענען די צייט, פערגעסען דעם זייגער.

גענום — איז שיכרות.

ניכטערע מענשען געניסען ניט.

תלמידים מיינע, געניסט פון׳ם לעבען און ווייסט ניט פון דעם, ווארום היינטיגעס לעבען איז געגען גענוס...

וואָס איז בעגייסטערונג? — פרעגט פּאַמפּאַדור און זאָגט: רעדט מיט מיר ניט היינט פון בעגייסטערונג.

בעגייסטערונג איז היינט ניטאָ.

מאָדערנע בעגייסטערונג — איז אַ יונגע מיידעל אין אַ שטייפען קאָרסעט.

מאָדערנע בעגייסטערונג — איז אַ גרויס־שטאָדטיגער גע־זונטער יונגער מאַן אָהן אַ מאָגען...

מאָדערנע בעגייסטערונג — איז רויך אָהן פלאַמען.

מאָדערנע בעגייסטערונג — איז אַ מצבה אויפ׳ן קבר פון גע־שטאָרבענע געפיהלען.

ווער איז היינט צו טאָג בעגייסטערט, פריינד מיינע, אויסער געהאַלט־נעהמער, אַפּלאָדיסמענטען־געבער, פּאַטריאָטען און בע־צאָהלטע דינער פון דאָלאַר?

דער מאָדערנער מענש דאַרף ניט זיין פריי בעגייסטערט און האָט ניט פון וואָס צו זיין פריי בעגייסטערט.

וואָס, למשל זאָל פּאַמפּאַדור׳ן בעגייסטערן?

— אַ רעדע, וואָס ער האָט שוין געהערט הונדערטע מאָל; אַ ליעד, וואָס איז שוין איבערגעדרוקט צום טויזענדען מאָל; אַ גע־דאַנק, וואָס איז שוין איבערגע׳חזר׳ט געוואָרען צום מיליאָנען מאָל?

וואו איז די פרישקייט, די טהעמאַ־נייקייט, אוואו?

אונזער וועלט איז שוין צו אַלט, אונזער קולטור צו בלוטלאָז און אונזערע קולטור־טרעגער צו ערפאַהרען.

דער מאָדערנער מענש איז אַ שטאָדט־מענש וואָס רעכענט, צעהלט, וועגט, מעסט — אָבער ווערט ניט בעגייסטערט.

תלמידים מיינע, צינדט אָן ליכט, טוט אויס אייערע געלע שיך און זעצט זיך שבעה נאָך דער בעגייסטערונג פון אַמאָל, ווייל טויט איז זי, שוין לאַנג טויט.

אזוי האָט גערעדט פּאַמפּאַדור.

און פּאָמפּאַדור׳ן איז אַריינגעפאַלען אַ שטיקעל נייעס, אַז דער אַרבייטער רינג האָט 40 פּראָצענט מיטגליעדער, וואָס קענען ניט לעזען און ניט שרייבען, און אַ סאַרקאַסטישער שמייכעל האָט זיך בעוויעזען אויף זיין ערנסטען פּנים און ער האָט צו זיינע תּלמידים אַזוי געזאָגט:

תּלמידים מיינע! איך בין מעהר צופריעדען מיט די פערציג פּראָצענט בעזגראַמאַטנע, ווי מיט די זעכציג פּראָצענט גראַמאַטנע.

40 פּראָצענט בעזגראַמאַטנע — הייסט, 18 טויזענד נפשות, אַרויסגעראַטעוועט פון די מעניקיורטע נעגעל פון דער מאָדערנער קילטור.

פּאָמפּאַדור שוידערט פון דעם געדאַנק, אַז אַלע זאָלען זיין געבילדעט.

בילדונג פאַר אַלעמען — הייסט, בילדונג פאַר קיינעם.

בילדונג פאַר אַלעמען — הייסט, אַ ביליגער סאָוועניער געטהיילט צו אַלעמען אַנשטאָט טייערע מתנות צו געצעהלטע.

בילדונג פאַר אַלעמען — דאָס איז אַ גרויסע פערוואָסערטע שיסעל אין אַ פּאָלקס־קיך, אַנשטאָט אַ קליין טעלערעל גוטע שפּייז אין דערהיים.

פּאָמפּאַדור איז געגען דעם, אַז געדאַנקען זאָלען זיין אַזוי אַלגעמיין ווי שניפּסען, אַז אידעען זאָלען האָבען אַזאַ גרויסע צירקולאַציע ווי פּעני־צייטונגען, אַז טאַלאַנטען זאָלען זיך געפינען אין יעדען הויז ווי פערגרעסערטע טאַטע־מאַמע בילדער אויף די ווענט.

פּאָמפּאַדור האָט פיינט אַ געזעלשאַפט פון בלויז געבילדעטע.

אַ געזעלשאַפט פון בלויז געבילדעטע — איז ווי אַ געזעלשאַפט פון בלויז שעהנע פרויען. — זיי דערעסען, די געבילדעטע מיט זייער

ש ו ו ע ר ק י י ט און די שעהנע פרויען מיט זייער פּ ו ס ט־ ק י י ט.

א געזעלשאפט פון בלויז געבילדעטע — איז ווי א טהעאטער פון בלויז טראגיקער, ווי א צירקוס פון בלויז פּאיאצען.

פּאמפּאדור וויל ניט זיין קיין מיטגליעד אין א געזעלשאפט פון בלויז גייסטרייכע, אזוי ווי א י ה ר וואלט ניט וועלען זיין א שטענדיגער עסער אין א רעסטאראנט פון בלויז מילכיגע בליג־צעס.

פּאמפּאדור איז געגען בילדונג אין אונזערע פעראיינען, ווייל דיזע בילדונג געהט ניט ווייטער פון לאקאל. ער איז געגען „ווי־סענשאפט" וואס ווערט אויסגעלאשען צוזאמען מיט דער אויסגע־לאשענער עלעקטרי. ער איז שוין גיכער פאר א גראשענעם בייגעל פאר'ן מאגען, ווי פאר א גראשענע לעקטשור פאר דער נשמה.

פּאמפּאדור האט ניט ליעב אז מען טראגט אונטער דעם אר־בייטער די גאנצע „ענטשטעהונג פון דער וועלט און מענשהייט" אויף א טעלערעל, ווי א הערינג אין א רעסטאראנט.

ער וויל פּאעזיע אנשטאט טרוקענע פילאזאפיע, ער וויל פרייזלאזע בעגייסטערונג פאר די מאסען, אנשטאט פינף־דאלאר־דיגע וויסענשאפט.

ער וויל דעם טהוי פון הימעל, די קריסטאל־קלאהרע וואסער פון די נאטירליכע קוועלען פאר דער נשמה, אנשטאט „וויסענ־שאפטליכע" פּאמפּע־וואסער, וואס איז בלויז גוט צו בעגיסען בלאַ־טיגע גאסען.

ער האט ליעב דעם פראסטען מענשען, ווייל דער פראסטער מענש גלויבט נאך אין בילדונג, ער האט ניט ליעב דעם געבילדע־טען, ווייל ער גלויבט שוין אין גאר נישט.

שוין גענוג געזארגט פאר דער נשמה!

פּאמפּאדור האט זעהר ניט ליעב די נשמה־פערזארגער פון אונזערע עדיוקיישאנאל קאמיטעס, די זעעלען־שפייז פון די גע־אלף־בית'טע פיהרער.

זארגען פאר דער נשמה — דאס איז אן ארבייט פאר מיסיא־נערען און נשמה־כאפּער.

דאס פאלק וויל עסען. און אפילו מיסיאנערען געווינען אויך מעהר נאראנים פאר זייער דומהייט מיט א פעטע וועטשערע איי־דער מיט א מאגערע דרשה.

און פאמפאדור האט זיך אויף א ווײלע פערטראכט און נאכ־הער האט ער ווייטער גערעדט:

ס'איז ניטא קיין אלגעמיינע בילדונג, ווי ס'איז ניטא קיין אל־געמיינע ליעבע.

ווען גליק וואלט געקענט פערקויפט ווערען צו יעדען גלייך, וואלט עס שוין לאנג געווען אין די הענד פון א טראסט.

ס'איז ניטא קיין בילדונג פאר אלעמען, ווי ס'איז ניטא קיין גליק פאר אלעמען.

ניט יעדער קאפ איז א געסט פאר בילדונג, ווי ניט יעדע הארץ איז א בלומען־טאפ פון געפיהלען.

תלמידים מיינע! שאפט אב די בילדונג פאר אלעמען און איהר וועט קומען צום געבילדעטסטען צוקונפטס־מענש.

אזוי האט גערעדט פאמפאדור.

## וועגען פאהרען און געהן צופוס.

און ס'איז געווען אין דער צייט, ווען ס'האט אויסגעבראכען דער גרויסער קאר סטרייק אין ניו יארק.

און פאמפאדור האט זיך געשטעלט אויף דער פלאטפארם פון א צובראכענער קאר און ער האט אזוי געזאגט:

תלמידים! פאמפאדור איז געגען פאהרען סיי אויף קארס, סיי אויף באהנען סיי אין דער הויך, סיי אונטער דער ערד און סיי אפילו אויף אויטאמאבילען.

געבענשט זאל זיין דער פוסגעהער!

געהן צופוס — הייסט פערלאזען זיך אויף די אייגענע כחות.

פאַהרען — הייסט פערלאָזען זיך אויף עלעקטרי, געזאָלין און אנדערע מאשינאַווע קרעפטען, מיט מענשליכע אַנטרייבערם אַלס צוגאָב.

געהן צופוס — איז פּאָעזיע. די גרעסטע פּאָעטען האָבען אָפּט ניט אַ ביקעל אויף אַ בילעט.

פאַהרען — איז פּראָזאַ.

געהן צופוס — איז עניוות, איז בעשיידענהייט, פון אַ פוס־געהער.

פאַהרען — איז גאַנץ אָפט דער טייטש: עם־הארצות אין אַ אויטאָמאָביל.

פאַהרען — איז ענגשאַפט און שטיקעניש.

ווען איהר פאַהרט אין קאר האָט איהר פאר זיך נאָר די פיער ווענטלאַך פון קאר און מעהרסטענטהיילס בלויז דעם רימען, אויף וועלכען איהר הענגט. אָבער דער וואָס געהט צופוס, האָט פאר זיך אַ גרויסע, ברייטע וועלט, און אָפענע פון אַלע פיער זייטען.

געהן צופוס — הייסט לעזען דעם בוך פון אַלע ביכער, וואָס הייסט נאַטור.

פאַהרען — הייסט לעזען די אַנאָנסען וועגען היגער־אויגען און מאָגען־פערשטאָפּונג, אויף די ווענט פון קארס.

געהן צופוס — הייסט זיין אַ בעסערער מענש, ענטפערען גוט־יאָהר אויף אַ גוט־מאָרגען, ווייל וואָס איז דאָ צו גרויסהאַל־טען זיך? גאָט'ס וועגען ליגען אויסגעשפּרייט פאר אַלעמען גלייך.

פאַהרען — איז דער טייטש: קריך אויף יענעם'ס קאָפּ, פערכאַפּ אַ בעסערען פּלאַץ אין קאר! הייסט: קוק ניט אויף קיי־נעם און אַכטע נאָר זיך אַליין.

געהן צופוס — הייסט פערטיפען זיך אין זיך. הייסט: ישוב הדעת און רוהיגקייט.

פאַהרען — איז דער טייטש: שווינדעל פאר די אויגען, פאַ־נאַראַמען וואָס בייטען זיך מיט אַ טייפעלשער שנעלקייט, און דער־רום — פלאַכקייט פון געדאַנק און נערווען־צוטרייסלונג.

געהן צופוס — איז די מוטער פון נאַטירליכער מיטדיגקייט.

הייסט: רוהען אויפ'ן גראָז און אויסציהען זיך אונטער א בוים.

פאָהרען — הייסט שלאָפען אין קאר שטעהענדיג.

און פאמפאדור האָט זיך א ווילע פערקוקט און ווייטער גערעדט:

געהן צופוס — איז נאַטור, עס שמעקט מיט וועלדער פון צעהנדליגע דורות.

פאָהרען — איז קולטור, עס שמעקט מיט געזאָלין...

דער ערשטער מענש איז געגאנגען צופוס און איז דערום געווען גליקליכער.

פאָהרען האָט זיך דער מענש אויסגעלערענט ערשט שפּעטער, ווען ער האָט אנגעהויבען ארומיאָגען דעם גליק און איהם ניט יייפינען...

פאמפאדור איז פאר א וועלט פון פוס־געהער!

א פוס־געהער — מוז לכל הפחות האָבען געזונטע פיס. אבער אום צו פאָהרען קען מען אפילו האָבען רעוומאַטיזם. ס'איז גענוג, אז מען האָט 5 סענט — און מען פאָהרט!

א פוס־געהער קען מיט זיין גאנג קיינעם ניט שעדיגען, אויסער זיינע אייגענע פיס. אבער פאָהרען — הייסט גאנץ אָפט א י־ב ע ר פ אָ ה ר ען, צוקאַליעטשען אונשולדיגע מענשען.

דער פוס־געהער — איז דער ערפינדער פון הכנסת־אורחים געדאנק, דער ערשטער שעפּער פון דער פּאָעזיע פון דערלאנגען א טרונק דעם היימלאָזען און געבען אָפּעסען דעם וואנדערער.

דער פאָהרער — איז איינער פון די צושטעלער פון פערוואונדעטע פאר האָספּיטעלער, איינער פון די, וואָס מאַכען קלינגען דעם אמבולאַנס גלעקעל...

געבענשט זאָלען מיר זיין די ברייטע וועגען!

ווען איהר געהט, זייט איהר וואכזאם, זעהט איהר א י ב ע ר זיך א הימעל און א זון, פ אָ ר זיך בוימער און טייכען. איהר בעוואונדערט די רייכקייט פון גאָט'ס וועלט און אייער נשמה ווערט גערייניגט.

ווען איהר פאָהרט אבער אין א קאר — שלאָפט איהר. און

ווען איהר שלאפט ניט, קוקט איהר אויף צ ו פ א ה ר ע נ ע
פרויען און האט מיאוסע געדאנקען.

געבענשט זאל אויך זיין דער טרוקענער זאמד פון די ברייטע
וועגען!

ער איז פיעל וווייכער פאר מיין נשמה, ווי די געפארבטע
בענק אין די קארס און די ווייכע פלאשענע שטוהלען אין די אוי־
טאמאבילען!

און פאמפאדור האט זיך נאך אמאל פערטראכט און נאכהער
ווייטער גערעדט:

איילען זיך איז ניטא וואס!

פאמפאדור האט צייט!

די ברייטסטע שטרעקעס קען מען איבערגעהן אין פערלויף
פון יאהרען, און צום עק פון דער וועלט קען מען אלץ איינס קיינ־
מאל ניט דערגעהן, אפילו ווען איהר וואלט געפאהרען אייביג.

תלמידים! זאל רוהען דער פערד, דער עזעל, דער קעמעל, די
קאר און דער אויטאמאביל — איך וויל געהן צופוס!

פאמפאדור האט אפילו ברעה אנצוזאגען, אז מען זאל איהם
בעסער ט ר א ג ע ן צו זיין לעצטער רוה — איידער פ י ה־
ר ע ן.

טראגען צום קבר — איז דער טייטש: מיר לעבעדיגע פיהלען
מיט דיר מיט אויך נאכ׳ן טויט, זיינען מיט דיר חברים ביז דער
לעצטער לאפעטע ערד.

פיהרען צום קבר — הייסט: מיר לעבעדיגע האבען מיט דיר
מעהר גאר ניט וואס צו טהאן. דו פאהר זיך און מיר וועלען געהן
אונזער וועג...

טראגען צום קבר — הייסט: פיהלען דיין חבר׳ס טויט לכל
הפחות אויף די אקסלען.

פיהרען צום קבר — הייסט: גע׳פטר׳ט אן עסק און פארטיג!

טראגען צום קבר — שמעקט מיט כבוד המת פון פערצייטי־
גע דורות, מיט נאטירליכקייט, מיט אמת׳ע טרערען.

פיהרען צום קבר — שמעקט מיט „פעראיין ברידער“, מיט

„הארדי־אַפּ,“ מיט „נאַדיר אַז אַנשיקעניש גאַר,“ מיט אַן עברה אַ האַלבען טאָג.

בעלי־עגלות, קאַנדוקטאָרען און קאַר־טרייבער, זייט ניט אין כּעס אויף פּאַמפּאַדור׳ן!

פּאַמפּאַדור האָט סתם ניט ליעב קיין פּ י ה ר ע ר און נאָך דערצו פּיהרער פאַר אַ קליינעם הונגער־געהאַלט!

פּאַמפּאַדור האָט ליעב שטעהן אויף די אייגענע פיס, געהן אויף די אייגענע פיס און זיין זיין אייגענער וועג־ווייזער און פּיה־רער אומעדום און איבעראַל.

אַט אַזוי האָט גערעדט פּאַמפּאַדור, און איז מיט שטילע טריט אַרונטער פון דער צובראָכענער קאַר.

ווענען מיעדיגקייט, און מענשען, וואָס טאָרען ניט זיין מיעד.

איך בין מיעד, מיין פריינד, זאָגט פּאַמפּאַדור.

מיעד פון פּלאַפּלען, מיעד פון שרייבען, מיעד פון עסען, מיעד פון ליעבען, מיעד פון אַלעם.

און ליעב איז מיר דיעזע מיעדיגקייט מיינע, ליעבער פון אַלעם.

מיעדיגקייט — דאָס איז פאַר מיר די רוהיגקייט פון נאָך האַלבע נאַכט אין אַ ניו־יאָרקער הויז.

מיעדיגקייט — דאָס איז פאַר מיר די ווייכע קישען אין צייט פון אַרבייטסלאָזיגקייט.

אימער זיין טהעטיג, דאָס איז דער גורל פון אַ שקלאַף.

קיינמאָל ניט מיעד זיין, הייסט זיין אַ שקלאַף פון טהעטיג־קייט.

זיי מיעד, מיין נשמה! דאָס ווייזט, אַז דו ביזט אַמאָל טהע־טיג געוועזן, שטאַרק טהעטיג געוועזן, האָסט אַמאָל געיאָגט איבער ווייטע ווייטקייטען און ברייטע ברייטקייטען.

מיעדיגקייט — דאָס איז דער צוקונפטיגער געווינס פון אַר־בייטער.

ווען דער מענש וועט אויסקעמפּפען זיין פרייהייט צו זיין מיעד צו יעדער צייט, וועט אַבגעשאַפט ווערען די קאַפּיטאַל און ארבייט פראַגע.

די מענשהייט וועט דערגרייכען איהר שטופע פון קולטור־הויכקייט נאַר דורך מיעדיגקייט.

אַה, מיעדיגקייט, די קרוין פון מיינע טרוימען ביזטו!

אַה, ווען וועט די מענשהייט שוין מיעד ווערען?!

און צו פּאַמפּאַדור'ן שמייכעלט פון ווייטען א מ י ע ד ע מענשהייט, וואָס רוהט אוים איהר גרייז־גרויען שעהנעם קאָפּ און דרעמעלט שטיל אויף די ריעזיגע אַקסלען פון דער אייביגקייט.

אַה, ווי שעהן וואָלט געווען, ווען אַלע וואָלטען מיעד געוואָרען זוי פּאַמפּאַדור!

מיעדיגקייט! לאָז זיך אַראָפּ ווי א וויעגן־ליעד אויף מיין טהעטיגער נשמה, פערשלעפער זי, — ביז איך וועל ווידער ווערען טהעטיג ווי אמאָל.

מיעדיגקייט — דאָס איז די ברכה פון גאָט, וואָס ער האָלט גרייט פאַר'ן צוקונפט־מענש.

דער מענש פון היינט ט אָ ר נ י ט זיין מיעד, ק ע ן נ י ט זיין מיעד, ער מוז לויפען און איבעריאָגען די עלעקטריק־טראַמווייען און אויטאַמאָבילס, ער מוז זיין טהעטיג ווי א טעלע־פאָן־דראָט.

נאָר דער איבער־מענש וועט קענען מיעד זיין!

אזוי האָט גערעדט פּאַמפּאַדור.

וועגן האַסען און ליעבען.

און פּאַמפּאַדור האָט איינמאָל זיך אַזוי געווענדט צו זיינע תלמידים:

תלמידים מיינע, האַסט!

האַסען — איז אַ גרעסערע חכמה ווי ליעבען.

ליעבען — קען יעדער נאַרישער בחור; אום צו פיינט האָבען מוז מען זיין כאָטש אַ פילאָסאָף.

ליעבען — איז שוין לאַנג געוואָרען אַ וואָכעדיג וואָרט ביי גראָשעגע קריסטליכע גאַסען־פּרעדיגער, און דערום איז האַסען — שוין באַלד אַ יום־טוב פאַר דער רייכער נשמה.

תלמידים מיינע, פּאַמפּאַדור לערנט אייך פיינט האָבען. ליעבע — זאָגט איהר בויט וועלטען? — ניין! ס'איז פאַלש: אויב בויען, בויט עס די שנאה.

נאָר מיט אַ גרויסען האַס צו דער אַרבייט, בויען די אַרבייטער די שעהנסטע שטעדט, רייכסטע פּאַלאַצען און קונסטפאָלסטע בריקען.

אפילו אַ פּאָלק ווערט נאָר שטאַרק אויף אַ צווייטען פּאָלק'ס רעכענונג.

וואָס איז ליעבע?

ליעבע — איז אַ פייער וואָס פערצעהרט זיין בעל־הבית; שנאה איז אַ פייער וואָס פערצעהרט אַ צווייטען.

מיט דער ליעבע — קענסטו ווייטער פון שלאָף־צימער נישט געהן, אָבער מיט שנאה קענסטו בעזיעגען וועלטען...

אָה, שנאה, ברען ווי אַ פלאַקער אין מיין האַרצען!

שנאה — דאָס איז שאַפונג. גרויסע שנאה — דאָס איז גרויסע שאַפונג.

די גרעסטע ליטעראַרישע ווערק, זיינען געשאַפען געוואָרען אין צייט פון גרויסען האַסען, און ניט אין צייט פון ליעבען.

ווען איינער ליעבט — קען ער ליעגען אין בעט און קרעכצען, אָבער ניט שאַפען.

שאַפען — דאָס הייסט פיינט האָבען דאָס ארומיגע, האַסען דאָס קליינליכע, פעראַכטען דאָס נישטיגע, זיין פול מיט גיפט און צאָרן צו אַלעס וואָס איז נידריג, אויפהויבען זיך ביז'ן הימעל — און אַראָבקוקען מיט שנאה אויף דער ערד.

שנאה — איז ממשלה, איז אונבעזיעגבאַרע הערשאַפט.

אויב גאָט איז דער הערשער פון אַלע וועלטען — איז דאָס, ניט דורך ליעבע, נאָר דורך גרוים שנאה; איז דאָס, ווייל ער איז דער גרעסטער אכזר אין דעם וועלט־אַל.

ליעבען — איז שוואַכקייט, איז אַן אַראָבגעלאָזטער קאָפּ, איז נישטיגע הכנעה, איז רעזיגנאַציע, איז געבויגענע קניע און צו־טרייסעלטע נערווען.

און אין אַזאַ צושטאַנד, קען מען בלויז שעפּטשען קראַנקע תפלות און שמייסען זיך מיט ריטער...

פּאַמפּאַדור האַלט אפילו ניט פון דער ליעבע פון אַלע ליע־בעס, די ליעבע צו דער פרוי.

ווילסטו בעזיעגען אַ פרוי? — דאַן האַס זי! דאָס איז די נייע לעהרע פון פּאַמפּאַדור.

ליעבען באמת אַ פרוי — הייסט איגנאָרירען איהר קערפּער, און בעזיצען איהר זעעלע.

און בעזיצען די זעעלע פון אַ פרוי — הייסט בעזיצען: ג אַ ר־נ י ש ט...

ליעבען אַ פרוי — הייסט בעזיעגט ווערען פון א י ה ר, הייסט טהאָן וואָס זי הייסט; און בעזיעגט ווערען פון אַ פרוי — הייסט, ווערען אוים מאַן.

שנאה — איז שטאָלץ, איז דאָס גלאַנציג אויג פון אַ זיעגער.

און א זיעגער איז אימער שעהן און הערליך.

תלמידים מיינע, ווילט איהר קענען האסען, דאן דארפט איהר קענען גוט די פרוי.

פאמפאדור איז פאר א שטארקע שנאה צווישען מאן און פרוי...

זאל דער מאן ווערען א רויבער, און נעהמען א פרוי מיט גוואלד.

ווייל יעדע פרוי — האט ליעב גוואלד און פערגוואלדיגונג.

בעצווינגען — דאס איז לעבען.

זיעג און בעזיעג! — דאס איז דער אמת פון אלע בעציהונגען פון מאן צו דער פרוי.

פאמפאדור גלויבט ניט אין דער זעלבסטשטענדיגער ליעבע פון דער פרוי.

די ליעבע פון דער פרוי — איז בלויז אן ע כ א פון דעם מאן'ס.

און פאמפאדור האט א ווילע געשוויגען און נאכדעם האט ער ווידער גערעדט:

די גרעסטע פערברעכער זיינען די פאעטען, ווייל, זיי האבען גענומען די פרוי און איהר געמאכט פאר דער געטין פון ליעבע.

פרויען פערמאגען קיין ליעבע, ווייל זיי זיינען ניט גייסט־רייך...

די גייסטרייכקייט פון א פרוי — איז א געבארגטע; איז ניט מעהר ווי פוידער און פארב — צו געפעלען די מענער.

פאמפאדור גלויבט, אז בלויז פלייש־ארעמע מענשען קענען גייסט־רייך זיין. פרויען זיינען זעלטען פלייש־ארעם.

ליעבע — און זעלבסטשטענדיגקייט, און פאמפאדור גלויבט ניט אין ז ע ל ב ס ט ש ט ע נ ד י ג ע פרויען. אפילו ניט אין ש ט ע נ ד י ג ע פרויען.

פאמפאדור וויל האבען א שוואכע פרוי און א שטארקע גלאז ווין.

איהר זאגט די הארץ פון א פרוי איז א רעטעניש. ס'קען זיין, ס'איז אמת! אבער מיט לייזען רעטענישען פערנעהמען זיך ניט גאר קיין קלוגע מענער...

תלמידים מיינע, לערנט זיך האסען!

אזוי האט גערעדט פאמפאדור. אין יענע צייטען האט ער זיך צושיידט מיט זיין צעהנטע געליעבטע.

ווענען זינד און זינדיגע.

וואס איז זינדיג? פרעגט פאמפאדור.

און פאמפאדור ענטפערט: זינדיג איז — א מיידעל, וואס איז שוין איבער אכצעהן — און ווייס נאך ניט, וואס הייסט א קוש.

זינדיג איז — א יונג ווייבעל, וועלכע איז שוין דריי וואכען נאך דער חתונה — און האט נאך ניט קיין געליעבטען.

זינדיג איז — א יונגערמאן, וואס לעבט צוויי וואכען מיט א מאוס ווייב — און איז פון איהר נאך ניט אנטלאפען.

זינדיג איז — א יונגער מאן, וואס רעדט מיט א פרוי וועגען פילאזאפיע, סאציאלאגיע און פילאלאגיע — אין דער צייט, ווען ער קען זי פשוט אומארמען.

אן עברה — איז לויט מיין מיינונג — א טאג, וואס איהר פערברענגט אליין.

קלאפען דארפט איהר זיך על חטא, ווען איהר פאהרט אין פארק — מיט א בוך.

די וועלט איז בעשאפען געווארען פון נאקעטע זינד. א מענש פאנגט אן וואקסען דורך זינד, ביז ער וואקסט אויס א גרויסער זינדיגער...

אהן זינד, וואלט די וועלט אויסגעקוקט ווי אן אלטיטשקע אהן צייהנער, ווי א פוסטע פושקע פון שמעק־טאבאק, ווי א בעט אהן קישענס...

די וועלט מוז זיין זינדיג! ווען ניט, וואלט זי קיין פנים ניט געהאט.

יאהרען — זיינען לייטערס פון זינד.

וואקסען — הייסט רייף ווערען אין זינד.

אויב דער הימעל איז ניט קיין בית עולם — מוז מען דאר־טען אויך זינדיגען...

אויב די מלאכים געהען ניט אין שווארצע שפאקולען און האָ־בען מלאך'טעס, אויף ווענען צו קוקען — מוזען זיי זינדיגען.

א פרוי — איז א קאָלעקציע פון זינד; יעדער מאן מוז פון איהר נעהמען עפּעס — צום אָנדענקען, ווען ניט, איז ער א נאר...
זינדיגען מוז מען!

ווען דו וועסט ניט זינדיגען, וועט אַנאַנדערער זינדיגען פאר דיר, — איז גלייכער דו זאָלסט אליין זינדיגען...

אלעס, וואָס דענקט צו לעבען — מוז זינדיגען.
נאָר טויטע געדאנקען — זיינען הייליגע.
נאָר שוואכע ברואים — זיינען אומשולדיגע.
נאָר אוים מאנגעל אין בלוט — ווערט דער מענש א תהילים־זאָגער.

פּאָמפּאדור דענקט, אז דער אנערקענסטער גאָט איז דער גאָט פון זינד, ווייל אלע האלטען פון איהם און דיענען איהם טריי.

ווען מיר וואָלטען ניט געזינדיגט, וואָלט מען דאך ניט געדארפט בעטען אויף פערגעבונג. און דאָס פערגעבען — איז דאך בלויז א טהיר צו נייע זינד.

גלויבט מיר, אין א וועלט פון בלויז צדיקים וואָלט איך ניט געוואָלט זיין קיין מיטגליעד.

מענשען זיינען צוטהיילט אויף צוויי קלאסען, ניט אויף אָרימע און רייכע, נאָר — אויף גרויסע זינדיגער און קליינע זינ־דיגער.

די גרויסע זינדיגער זיינען די, וואָס ווילען און האָבען מיט וואָס צו זינדיגען און די קליינע זינדיגע זיינען די, וואָס ווילען, אָבער האָבען נעבעך ניט מיט וואָס.

דאָס, וואָס די וועלט רופט זינד, איז בלויז א מאָס צו מעס־טען פרעמדע מעשים, אָבער ניט קיין אייגענע.

אָט, למשל, ווען איהר פיהרט א ליעבע מיט מ י י ן ווייב

איז דאָס — אַ זינד, דערפאַר אָבער, ווען איך פיהר אַ ליעבע מיט
אַ י י ע ר   ווייב, איז דאָס בלויז, — אַ פערגעניגען.
תלמידים! דער גרעסטער זינדער איז דער, וואָס זינדיגט ניט!
אַזוי האָט גערעדט פּאָמפּאַדור.

ווערגען איינס און אַ סך.

איך האָב ליעב פיעל און מוז ליעבען פיעל, זאָגט פּאָמפּאַדור.
ליעבען פיעל — הייסט זיין שעהן ווי דער רעגענבויגען.
זיין אַ רעגענבויגען, מיין פריינד, זאָל דיין נשמה פאַרמאַ־
גען אַזוי פיעל פאַרבען ווי דער רעגענבויגען.
ווי קען מען בלויז ליעבען איינע?
ליעבען איינע — הייסט ניט קענען ליעבען אייביג.
ליעבען איינע — הייסט נעהמען „הייראַטס־פּאַפּירען“ אין דער
ביורא פון לאַנגווייליגקייט.
ליעבען איינע — הייסט זעלבסטמאָרד פאַר דער צערטליכ־
קייט.
נאַר פראַזען־געברויכער און צבוע'קעס האַלטען פון איינצעל־
נע ליעבע.
איינצעלנע ליעבע — הייסט זאָגען, אַז די נאַטור האָט בלויז
איין פריהלינג, איין בלום און איין נאַכטיגאַל.
ליעבען אַלע מאָל איינע, הייסט ניט, אַנערקענען די בעווע־
גונג פון דער צייט.
און וואָרום זאָלסטו מענש אַנהענגען בליי אויף די פליגלען
פון דער אייביגקייט?!
קענסטו דען ליעבען יעדען טאָג גלייך? קענסטו דען ליעבען
יעדע שטונדע גלייך?
האָב קיין מורא פאַר ליעבען אַ צווייטען מאָל.

צווייטע ליעבע — איז דער צווייטער ציטער פון דער ערש־טער ליעבע אויף דער זעלבער סטרונע פון דיין נשמה־פידעל.

צווייטע ליעבע — דאס איז בלויז א ווידערקול פון דער ערשטער און ווארום לאזען דעם אבקלאנג פון דיין שטימע געהן פערלארען אין די לעדיגע רוימען! ?

ליעבען פיעל — הייסט אויפלעבען פיעל מאל דיין יוגענד.

ליעבען פיעל — הייסט פערמאגען עטליכע יוגענדס.

און ווארום זאלסטו נאר וועלען האבען א י י ן  י ו ג ע נ ד!

איך האב ניט ליעב די מענשען וואס ליעבען בלויז איין מאל: זיי זיינען די „יעוונוכען" פון דער נאקעטער שעהנקייט פון דער גע־טין־ליעבע.

איך האב ניט ליעב די איינמאל־ליעבהאבער — זיי זיינען די הענקער פון די געפיהלען.

און ווארום זאלסטו מאכען אין דיין הארץ א תליה ?

ליעבען א סך — הייסט דיכטען; ליעבען איינע — הייסט זינקען אין פראזא.

ליעב איינע און אלע, ליעב אלע מיט אמאל, און ליעב איינע נאך דער צווייטער און דו ועסט וויסען פון ליעבע.

דאמאלט האט פאמפאדור אנגעפאנגען זינגען ליעבע צו זיין פערצעהנטער געליעבטע.

##### וועגען אלטע בחורים און יונגע גליקען.

פע, אן אלטער בחור! פע, אן אלטער בחור! שרייען אלע.

און איך האב ליעב אלטע בחורים, זאגט פאמפאדור.

די וואס האבען יונג חתונה — זיינען די געפיהלען־פאגראמש־טשיקעס און ליעבע־צושטערער פון אלע צייטען און דורות.

אוי, איהר נייע בית־הקברות־עפענער, איהר יונגע חופה־שטע־לער — ווי איך האס אייך!

אַן אַלטער בחור — דאָס איז דער צוקונפט־שוויגער־אָבשאַ־פער פון נייעם מענשען.

אַן אַלטער בחור — דאָס איז דער אייביגער יוגענד־פעֿר־היטער.

די יונגע חתונה־האָבער — דאָס זיינען אונזערע לענדלאָרד־בעשיצער, דירה־געלט אויפהויבער און קלאַסען־קאַמף־פערשטאַר־קער.

זיין אַן אַלטער בחור — הייסט זיין געגען הויכע דירה־געלט און קלאַסען־קאַמפף.

אַלטע בחור׳שאַפט — דאָס איז שענק־פרייהייט, קאַפפע־פריי־הייט און קאָרטען־פרייהייט.

אָה, איהר דריי פרייהייטען פון פרייען מענשען — ווי טהייער איהר זייט!

יונג חתונה האָבען — מיינט טהיר־קלאַפּעניש נאָך האַלבע נאַכט.

יונג חתונה האָבען — הייסט זיך פעראורטהיילען צו לעבענס־לענגליכען פרויען־קנעפּיל פערשפּילעניש.

איך שטעל דעם אַלטען בחור אפילו העכער פון דער אַלטער מויד.

אַן אַלטע מויד — דאָס איז מעהרסטענס דער קאָנפליקט פון דעם ו ו י ל און דעם ק ע ן נ י ט.

אַן אַלטער בחור איז אימער דער העלד פון דעם ק ע ן און ו ו י ל נ י ט.

אַן אַלטע מויד — דאָס איז אָפט בלויז אַ זאַקען־אוצר פאַר צוקינפטיגע דופּק־טאָפּער און רעצעפּטען־שמירער.

אַלטע בחור׳שאַפט — דאָס הייסט פרייע אָפּפערוווילינקייט.

ציוויליזאַציאָן, דו וועסט דערגרייכען דיין הויך נאָר דורך דעם לייטער פון אַלטע בחור׳שאַפט!

פריינד מיינע! בלייבט אַלטע בחורים און איהר וועט האָבען גענוג צייט זיך צו פוילען, און איהר וועט קענען אימער האַלטען פאַר זיך אָפען דעם בוך פון אייער פערגאַנגענהייט, צעהלען די קנייטשלאַך פון אייער שטערען און קרעכצען.

אויב א מיידעל וועט מיך ניט פער'כשופ'ען אין איהר נדו־נעץ, וועל איך אויך בלייבען אן אלטער בחור.

אזוי האט גערעדט פאמפאדור.

דאמאלס האט פאמפאדור דריי מאל נאכאנאנד א זיפץ געטהאן.

### וועגען בערג און טהאלען.

תלמידים! ווילט איהר זיין בעליעבט ביי דער מאסע מיט אייערע תורות, געהט קיין מאל ניט אראפ פון בארג, פערהילט זיך אין טומאנען, מאכט פון אייער לעבען — א וואלקען.

בארג — דאס איז פערגעטערונג.

בארג — דאס איז דער סוד פון שאפען.

בארג — דאס איז דער לאטיינישער רעצעפט פון די נביאים.

בארג — דאס הייסט שטעלען זיך העכער איבער אלעמען.

פאמפאדור האסט די נביאים פון טהאל, די פאליטיקער פון אונטער'ן בארג.

טהאל — דאס איז א הויז פאר אייערע שטיוועל.

טהאל — דאס איז א געמייזאכץ פאר אייערע אידעאלען.

טהאל — דאס הייסט וואוינען מיט דער מאסע און ווערען פון איהר ערנידריגט.

תלמידים! הערט וואס פאמפאדור זאגט אייך: נידערט ניט אין טהאל מיט אייערע תורות, אויב איהר ווילט זיי זאלען בלייבען הויכע און ריינע.

הויך אויפ'ן בארג מוז שטעהן דער שטוהל פון דעם נביא, בדי דאס פאלק זאל ניט זעהן זיינע הילצערנע פיסלאך.

בארג — דאס איז אריסטאקראטיע פון נאטור.

טהאל — דאס איז דעמאקראטיע פון דער נשמה.

דער נביא מוז זיין פאר זיין פאָלק הויך ווי דער הימעל, און רעטזעלהאַפט ווי די שטערען.

פּאַמפּאַדור איז זיכער, אַז ווען די מענשען וואָלטען געקענט כאַטש איינמאָל אָנריהרען דעם הימעל מיט די הענד, וואָלט ער שוין לאַנג געוואָרען דאָס אייגענטהום פון גוטס־בעזיצער, אַנשטאָט וואָס אַזוי איז ער בלויז דאָס אייגענטהום פון געטער און פּאָעטען...

און פּאַמפּאַדור האָט זיך אויף אַ ווײַלע פערטראַכט און ווידער געזאָגט:

תלמידים, און נידערט איהר אין טהאָל, דאַן געהט פערריסען דעם קאָפּ צום הימעל און מיט אַ שטעקען אין האַנט.

אַ שטעקען — דאָס איז דער סמן, אַז איהר זייט אין טהאָל בלויז אַ גאַסט אויף אַ ווײַל.

און רעדט איהר צום פאָלק, רעדט צו איהם דורך דונערען און בליצען, שיט אויף איהם פּעך און שוועבעל, סטראַשעט איהם מיט טויט און גהינום. פערהילט איהם אין רויך. דאַן וועט ער הערען אייער געבאָט.

דען דער דונער — דאָס איז גאָט'ס סאַטירע.
בליצען — דאָס איז אַ שאַרפזין פון הימעל.

און דאָס פאָלק מוז מען שרעקען ווי אַ קינד, ווען ניט, וויל ער זיך ניט איינשפּאַנען אין יאָך פון דער תורה, נאָר ער וויל שפּיעלען אין פערדלאַך און טאַנצען מיט קעלבלאַך.

און געהט איהר אַרונטער אין טהאָל, צייגט די מענשען בלויז אייער רוקען — דאַן וועלען זיי פערגעטערען אייער פּנים, עס מעג אפילו זיין פול מיט זומער־שפּרינקלאַך.

ווײַל אפילו אַ גאָט ווען מ'קוקט איהם אָן פּנים צו פּנים, נאָז צו נאָז ווערט ער אויס גאָט.

און פּאַמפּאַדור האָט זיך פערטרוימט און ווידער גערעדט:

באַרג — דאָס איז לעגענדע, דאָס איז לעבען אין וואָלקען און שטאַרבען אין כמאַרע.

ווײַל אַ גרויסער גייסט — טאָר אפילו ניט שטאַרבען ווי אַלע.

זאָל קיינער ניט וויסען וואו איהר זייט געשטאָרבען און וואו איהר זייט געבוירען.

אַ נביא — דאַרף ניט האָבען קיין מאַמע, ס'מאַכט ניט, און מען געפינט איהם אין אַ קעסטעל און מ'שרייבט איהם צו צו עמי־צען אַנדערש.

אַ נביא — דאַרף ניט האָבען קיין טאַטען — דער פאַטער פון דעם נביא, דאָס איז די געהיימנים.

אַ נביא — מוז זיך בלויז חבר'ן מיט'ן סוד.

דאָס וואָס דער שלאָף־צימער איז פאַר'ן מענשען, דאָס איז די נשמה פאַר דעם נביא, אי דעם שלאָף־צימער אי די נשמה מוז מען גוט אָפּהיטען אום זיי זאָלען בלייבען פערשטעלט פאַר אַנדערע.

און אַ שמייכעל האָט זיך געוויזען אויף פּאַמפּאַדור'ס פּנים און ער האָט ווידער געזאָגט:

תלמידים! לערנט זיך פון משה'ן.

שאַפען — דאָס הייסט הונגערען, דאָס הייסט ניט דערעסען פערציג טעג און פערציג נעכט.

ביי אַ קאָפּע־טישעל קען מען קיין נייע תורות ניט שאַפען.

זאַטקייט — דאָס איז דער האָנאָראַר, דאָס געצאָהלטס פאַר שורות, און האָנאָראַר איז דער בית־עולם פאַר'ן גייסט פון נביאים און קינסטלער.

תלמידים! געהט אויס פון הונגער, אָבער עסט ניט פון שי־סעל גלייך מיט אַלעמען, ווייל דאָס פאָלק האָט זעהר ניט ליעב צו זעהן זיינע תורה־געבער, קייענדיג...

תלמידים מיינע! זייט נביאים פון בארג און איהר וועט פער־געטערט ווערען אין טהאָל.

אַזוי האָט גערעדט פּאַמפּאַדור און איז אַוועק אויף זומער אין די קעטסקיל בערג.

תלמידים מיינע, פּאַמפּאַדור איז פאַר מלחמה!
שוין צופיל מענשען האָט די וועלט, ווי צופיל ביכער.
ווען מען וואָלט א העלפט פון די ביכער פערברענט אויפ'ן פייער וואָלטען נאָך גענוג ביכער פערבליבען צו פער'וואַסער'ן די מוחות.
ווען מען וואָלט אפילו א העלפט פון דער מענשהייט פער־ניכטעט אין פייער פון מלחמה וואָלטען נאָך גענוג מענשען פער־בליבען צו לעבען אויף צרות.
פּאַמפּאַדור איז פאַר מלחמה.
מלחמה — דאָס איז דער אור־אַלטער ווילדער גאָט פון בלוט און נקמה, וואָס לאָזט זיילען רויך פון זיינע נאָזלעכער, שפּריצט פייער פון די אויגען און קנייטשט זיין שטערען אין גרימצאָרן.
און דיעזער אור־אַלטער גאָט איז פיעל ליעבער פּאַמפּאַדור'ן ווי דער טאָג פון די היינטיגע פער'טאַנגאָ'וועטע מענשען מיט א האַוואַנא סיגאַר אין מויל, א שמייכעל אויף די ליפען, דיפּלאָמאַטי־אויפ'ן צונג און ט ו י ט אין הארצען...
פּאַמפּאַדור איז פאַר מלחמה.
מלחמה — דאָס איז די פּערפּאַסעריין פון דער וועלט־געשיכ־טע, ווען די מענשען וואָלטען אימער ג ע ש ל א פ ע ן אין שלום וואָלט די געשיכטע געווען א היסטאָריע פון א קאַמפּף מיט בעט־חיות.
מלחמה — דאָס איז פייער פון יוגענד און לעבען.
שלום — דאָס איז אַן אַנגעהייצטע אייוועלע פאַר איגוואַ־לידען.
פּאַמפּאַדור איז געגען שלום.
שלום — דאָס איז שטילקייט פון קברים, דאָס איז א שעפּ־טשען פון מתים. דאָס איז פּאָעזיע אויף מצבות, פוילקייט פון גליעדער און פייפען פון נעזער.

און הונדערט מאָל זיסער איז פאַר פּאַמפּאַדור'ס אויער צו הערען דאָס פייפען פון קוילען איידער דאָס פייפען פון געזער.

תלמידים, פּאַמפּאַדור וויל ניט היינטיגען שלום!

היינטיגער קאַפּיטאַליסטישער שלום — דאָס איז א שטענדיגע בלוט־פערגיסונג אָהן א שלאַכט, א טאָג־טעגליכע אויסשלאַכטונג אָהן געוועהר.

פּאַמפּאַדור איז פאַר אן אלגעמיינע אויסשלאַכטונג אויפ'ן פעלד איידער צו פערניכטען זיך איינציגווייז אין שטאָדט.

ארבייטער, האָט קיין מורא ניט פאַר מלחמה! שוין בעסער זיין הארמאַטען־פלייש אויף פרייע פעלדער איידער פאַבריק קנאָכען אין ענגע גאַסען.

מלחמה — דאָס איז די שטימע וואָס רופט: מענשען! קעהרט זיך אום צו דער נאַטור, ווייל, נאָר דורך מלחמה ווערען פון שטעדט — פעלדער.

און פּאַמפּאַדור האָט זיך אויף א ווײַלע פערטראַכט און ער האָט ווייטער געזאָגט:

תלמידים! דאָס גאַנצע לעבען פון א מענשען איז א מלחמה.

צוויי פערליעבטע דאָס זיינען צוויי ארמעען.

קושען — דאָס זיינען מאַנעווערס.

ליידען פון ליעבע — דאָס הייסט טראָגען א קויל אין הארצען.

א פרויען־הארץ — דאָס איז א שטענדיגער קריעג־פלאַץ; און ניט אומזיסט האָבען פרויען ליעב סאָלדאַטען.

פאַמיליען־לעבען — דאָס איז א וואָהנונג אויף א בויך פון א הארמאַט.

א מאַן — דאָס איז א סאָלדאַט, וואָס מוז אימער שטעהן אויף דער וואַך פון זיין שלאָף־צימער.

תלמידים מיינע, רופט צו מלחמה!

פעלקער וואָס ווילען שלום — זיינען אנטיקען פאַר מוזעאומס.

תלמידים מיינע, זייט נביאים פון מלחמה!

זאָל ברענען דאָס שלאַכט־פעלד, זאָל האַגלען מיט קוילען, זאָלען קראַכען פעסטונגען, זאָלען מענשען פאַלען ווי העלדען אויף

שווערדען — אלץ בעסער איידער זיי זאלען שטארבען ווי פליענען אויף פליענען־פאפיר...

און זארגט זיך ניט פאר די אלמנות און יתומים.

אלמנות — טרייסטען זיך זעהר שנעל. פרעגט ביי שדכנים. און יתומים ווערען שנעל אליין טאטעס.

און נידער מיט דעם רחמנות און רחמנות־שוועסטער!

מלחמה — דאס איז א העלדין וואס געהט פאראויס דער מחנה.

שלום — דאס איז א רחמנות־שוועסטער וואס געהט פון הינ־טער דער מחנה.

א דבורה הנביאה, א זשאנא ד'ארק, געדענקען אלע, אבער קיי־נער געדענקט ניט די נעמען פון די מיליאנען רחמנות־שוועסטער, וואס האבען געקליבען פערוואונדעטע אויפ'ן שלאכטפעלר.

תלמידים! קענט איהר ניט געהן אויף דער מלחמה, טא האלט מלחמה מיט זיך אליין. מאכט פון אייער הארצען א שלאכט־פעלר פון געפיהלען, זאלען יעדען טאג פאלען אייערע סאלדאטען.

אזוי האט גערעדט פאמפאדור.

ווענען ביליג און טהייער.

תלמידים מיינע, איך בין פ א ר א יקרות.

אנשטאט צו מאכען ביליגע פרייזען אויף לעבענס־מיטלען, מאכט בעסער טהייערער דעם לעבען זעלבסט!

א, איהר קליינע און גרויסע רעפארמער, קומט און הערט וואס פאמפאדור וועט אייך זאגען ווענען ביליג און טהייער!

ביליג — דאס איז די געקויפטע ליעבע פון פרויען.

ביליג — דאס איז די טעגליכע פרעסע, וואס האט געשאפען דעם פעני־לעזער.

יקרות — דאָס איז אַריסטאָקראַטיע, דאָס איז אַ קלענערע פּאַרציע נאָר אַ גוטע.

יקרות — דאָס איז עסטעטיק, דאָס איז די שעהנע נשמה, וואָס פאַר איהר איז גאָר נישט צו טהייער.

אוי, די ביליגע פּרייזען פאַר אַלעמען, אוי, די דעמאָקראַטיע פון מקחים, ווי איך קען זיי ניט דולדען!

ביליגע פּרייזען אויף שפּייזען, — דאָס זיינען ביליג רעפּאַרמען פון ביליגע נביאים. דאָס איז פּאָפּולאַריזאַציע אָנשטאָט קונסט.

ביליג — דאָס איז מואַווינג־פּיקטשורס, דאָס איז דער נייער לעזער וואָס בעגנוגענט זיך מיט לעזען פון מ ו א ו ו י ־ ל י י ל אַ ך אָנשטאָט פערטיעפען זיך אין ביכער.

ביליג — דאָס איז פּאָפּולערע מוזיק אין יעדער הויז, דאָס איז אַ „וואונדער־קינד" אין יעדען צימער, דאָס איז אַ פּיאַנאָ אויף יעדען גאָרען.

איך בין פאַר אַ גרויסען יקרות.

מאַכט אַ הויכען טאַריף אויף דער ליעבע, זאָל אויף איהר ווערען אַ יקרות און זאָלען איהר קענען בעקומען בלויז די רייכע נשמות, די מיליאָנערען פון גייסט, די מלכים פון שעהנקייט, די פּרינצען פון געפיהלען.

דער שאָדען פון ב י ל י ג ע ליעבע איז פיעל גרעסער ווי דער שאָדען פון ט ה י י ע ר ע ן צוקער.

ביליגע ליעבע — הייסט ביליגע פּאָעזיע, הייסט ביליגע שטימונג.

אָהן טאַריף איז די ליעבע ביי די היינטיגע פּאָעטען, און דאַרום איז זי אַזוי ביליג ביים פאָלק.

אָה, איהר ליעבע שאַכערער, אָה, איהר ביליגע סוחרים פון פאַרנאָס, אָה, איהר פּאָליטישענס פון דער מוזע, ווי איך האַס אייך!

ווארום האָט איהר געמאַכט פון דער ליעבע אַ ביליגען אויספערקויף פון גראַמען, אַ קליין קרעמעל פון געפיהלען?...

גיט מיר צוריק די סערענאַדע פון דעם אַמאָליגען פערליעבטען, אונטער'ן הויכען פענסטער פון זיין געליעבטע, און נאָט אייך אוועק די גאַנצע קאָרידאָר־ליעבע פון אונזערע זיהן און טעכטער!...

גיט מיר דעם וועהטאג פון איין פערליעבטער נשמה פון אמאל, דעם טרוים פון איין אמאליגער קליינשטעדטעלדיגער מיידעל און נאט אייך אלע שבועות, קאמפלימענטען און ליעבע־פליכטערגים פון אלע אייז־קרים טישלעך פון דער גרעסטער וועלט־שטאדט!

מאכט א הויכען שטייער אויף הייראטה, זאל ניט יעדער מע־גען פיהרען צו דער חופה זיין ביליגע נשמה.

זאלען נאר הויכע גייסטער זיך מעגען פארען און געבוירען קינדער פאר דער צוקונפט.

תלמידים, מיך ארט ניט דער יקרות אויף האבער. מיך קי־מערט נאר דער זול אויף דער נשמה.

פון טהייערען האבער ליידען בלויז דורות פון פערד.
אבער פון ביליגע הייליגקייטען — ליידען דורות פון מענשען.
ביליגע צוקער — הייסט נאך ניט פערזיסען דעם לעבען.
ביליגע וואל — הייסט נאך ניט קליידער פאר אלעמען...

אה, ווי איך האב פיינט דעם זול אויף אלע אונזערע הייליג־קייטען!

פאמפאדור וויל אפילו א יקרות אויף קושען!

זאלען זיך נאר קענען קושען די מיוחסים, די פריסטער פון ריינקייט, די כהנים פון צניעות.

נאר דורכ'ן טהייערען וועג פון יקרות וועלען מיר קומען צום נייעם מענשען!

אזוי האט גערעדט פאמפאדור.

## וועגען טאנצען און טענצער.

און פאמפאדור איז איינמאל אין א ווינטער־אבענד געקומען צו א באלל און האט ווי זיין שטייגער איז זיך געשטעלט אן א זייט מיט פערלעגטע הענד.

און פאמפאדור האט געקוקט אויף די פארלאך, וואס האבען

זיך נעדרעהט אהן א טאלק, און איינינע מיידלעך האבען איינגע־לאדען פאמפאדור׳ן צו טאנצען, נאר ער האט ניט געוואלט.

און ווען זיי האבען איהם געפרעגט פאר וואס ער טאנצט ניט? — האט ער אזוי געזאגט:

ניט קיין שונא פון טענץ שטעהט דא פאר אייך: פאמפאדור האלט זעהר פון טאנצען.

טאנצען — דאס איז דער קערפער־פליים וואס פערדעקט די פוילקייט פון גייסט.

טאנצען — דאס איז די שעהנקייט פון פרויען־פיסלאך וואס קומען אין בעריהרונג מיט דער פאדלאגע...

טאנצען פאר א יונגען מאן — איז א גאלדענע „וואוטקע" אין די הענד פון א גוטען פישער...

איך האלט זעהר פיעל פון טאנצען, אבער איך קען ניט...

ליעבע מיידלעך! ווייסט איהר וואס הייסט קומען צו א באל, זיין יונג און ניט קענען טאנצען?

ליעבע מיידלעך! אן אונגליקליכער איז פאמפאדור...

און ווען די מיידלעך זיינען אוועק פון איהם האט ער צו זיינע תלמידים אזוי געזאגט:

די גאנצע חכמה פון לעבען בעשטעהט אין טאנצען.

טאנצען — הייסט זיין א קלוגער אין לעבען.

טאנץ ארום אלעס, דרעה זיך ארום אלעס, בויג דיין קערפער ווי א שלאנג, בויג זיך ווי א פאליטישען ערב קאמפיין, קלאפ צו וואו מ׳דארף — און דו וועסט בעהערשען דעם באל פון לע־בען...

זיין אויף דעם באל פון לעבען און ניט טאנצען הייסט פער־ליערען „א בעלעגענהייט צו געווינען"...

טאנצען גוט — הייסט יע אנטרעטען און ניט אנטרעטען אויף פרעמדע היגער־אויגען...

טאנצען: — דאס מוזען קענען גוט — קלוגע פאליטיקער, גע־שייטע כלל־טהוער, און פעהיגע רעדאקטערע...

טאנץ אלע טענץ! אבי האב ערפאלג.

טאַנץ אליין, אין צווייען, אין קאַראַהאָד, — אבי געווין חן.

צו טאַנצען אליין אבער מוז מען זיין שטאַרק.

טאַנצען אליין הייסט בעהערשען די מאסען.

טאַנצען אליין הייסט געווינען אָדער פערליערען.

קענסטו דאָס? — אָזוי וואויל צו דיר! — ווען ניט? געה אין קאַראַהאָד!...

אַ קאַראַהאָד — מיינט, פערברידערונג פון פיס...

אַ קאַראַהאָד — הייסט צוזאַמען גיסען דיינע חסרונות מיט די חסרונות פון דעם כלל...

אַ קאַראַהאָד — בעדייט אָפטמאָל פערדעקען דיינע אייגענע חסרונות...

בלייב ניט אוים אליין פון אַ קאַראַהאָד — מיט דער מיט שרייבסט זיך אליין אונטער דיין טאַנץ אורטהייל.

מעגסט האָבען אַ טראָט פון אַ בער, בעוועגונגען פון אַ אוראַנג אוטאַנג — וועט מען דיך ניט קריטיקירען ווען דו טאַנצסט מיט אלעמען...

אַ, פריינד מיינע, עס איז גוט צו טאַנצען!

אַ, פריינד מיינע, זייט מיר מוחל וואָס איך קען ניט טאַנצען...

אזוי האָט גערעדט פּאַמפּאַדור.

וועגען שיכרות און שכורים.

און ס'איז געווען פּורים צו דער סעודה, און די תלמידים זיינען געווען אביסעל שיכור'לאַך און זיי האָבען פיעל פראַגען פּאַמפּאַדור'ן געשטעלט.

און פּאַמפּאַדור האָט אויפגעהויבען אַ גרויס גלאָז וויין, אריינגעגאָסען, מיט איין זאָלפּ און האָט אזוי געזאָגט:

תלמידים מיינע, וואָס איז לעבען? לעבען איז אַ גרויסע פלאַש וויין... טרינקט ביז וואַנען איהר קומט צום דעק...

וואס גרעסער די פלאש, אלץ לייכטער דאס לעבען און וואס שווערער דאס לעבען, אלץ גרעסער די פלאש...

לעבען איינזאם — הייסט שיכור'ן אליין, ביחידות.

זיין א מענש פון געזעלשאפט — הייסט טרינקען בצבור.

לעבען איז שיכרות.

שיכרות — דאס איז פערגעטערונג פון זאכען, דאס איז חסידות.

עכטע ליעבע — דאס איז משקה פון 99טער פראבע: עס מוז ברענען, פלאקערען אין קאפ, אין מוח, אין הארצען!

אייפערזוכט — דאס איז שיכרות פון געזונטע מענשען.

טרינקט, תלמידים מיינע!

שיכור'ן — הייסט ליידען אין פעהגעניגען און פערגעניגען אין ליידען...

איך האב זעהר ניט ליעב די צוביסלעך־זופער, די פערבייסער נאך יעדען זופ, די אריסטאקראטען פון שענק...

טרינקען — הייסט ארייניגיסען מיט אמאל. מיט איין זאלפ און ניט פערקרימען זיך...

און משקה דארף זיין שטארק, שארף ביטער; עכטע ספּיריט— מוז ברענען!

שוואכע משקה — איז ווי שוואכע פאעזיע, איז ווי זויער־מילך־געדאנקען: עס שטילט ניט דעם דורשט.

שוואכע משקה — איז ווי ליעבע פון אן אלטער פרוי: ברענט ניט, נאר איבעלט.

און נאך האט פאמפאדור געזאגט:

פריינד! טרינקט ניט פון גלעזעל.

א גלעזעל — דאס איז א מאס, א צוים אויפ'ן מויל; דאס איז שקלאפעריי פון טרינק־טיש.

טרינקט פון פלאש און ווארפט נאכדעם די פלאש צום באל־קען; דאס איז פרייהייט, דאס איז אפטימיזם, דאס איז דער גאל־גאן־הומאר פון לעבען...

און צובראכען האט פאמפאדור א גרויסע פלאש און האט אזוי געזאגט:

פריינד! זייט ניט ווי אידען און זוכט ניט קיין ספּעציעלע ימים־טובים אום צו מאַכען אַ שנאַפּס.

טרינקט אין אַלע ימים־טובים און אין אַלע וואָכען־טעג.

טרינקט אויף מרדכי'ס הצלה און המן'ס מפּלה, טרינקט אויף אייער א י י ג ע נ ע ר מפּלה.

אידען לעבען אויף נסים און טרינקען נאָר אויף נסים.

זייט ווי גוים, וואַרט ניט אויף נסים און טרינקט אימער!

אַ שענק — דאָס איז די חופּה פון'ם גליקליכען, די חתונה פון דעם הייראַטהסלאָזען.

געבענשט זאָל מיר זיין די פלאַש שנאַפּס! — זי פיהרט צו פערגעסענהייט, און פערגעסענהייט איז די מ ו ט ע ר פון נייעם לעבען און נייע צרות...

פערגעסען זיך — הייסט פער'שכור'ען די פערגאַנגענהייט און לאַכען צו דער צוקונפט...

אַ שיכור — דאָס איז אַ מאַן וואָס געהט דורך זיין וועלט וואַקלענדיג זיך אין אַלע זייטען.

און נאָר דער אַלזייטיגער, דער וואָס שאָקעלט זיין קאָפּ אין אַלע ריכטונגען — איז אַ גליקליכער!

זיין ניכטער — דאָס הייסט געהן גלייך, גראַד. און געהסטו גלייך — האָסטו נאָר א י י ן ו ו ע ג פאַר די אויגען. און איין וועג — הייסט, ענגשאַפט פאַר דער נשמה.

שיכור'ן — דאָס הייסט פערזעצען די ווירקליכקייט אין דעם לאָמבאַרד פון דער פאַנטאַזיע — און נאָר די פאַנטאַזיע איז דער אוצר פון די קבצנים...

ניכטערקייט — דאָס דאַרף בלויז זיין דער קליינער אַנטראַקט פון דער אייביגער פיעל־אַקטיגער דראַמא, וואָס מ'רופט: „שיכרות פון לעבען".

ניכטערקייט — דאָס איז די געוועהר פון פרויען. די נאַטור האָט זיי בעשאַפען נ י כ ט ע ר ע, אום צו קענען פער'שיכור'ען די מענער...

פרויען! — ווילט איהר גלייכע רעכטע מיט די מענער? — הויבט אָן שיכור'ען! נאָר אין שענק וועט איהר אייערע רעכטע

בעקומען! נאר דורכ'ן שענק וועט איהר אריינקומען אין ג ע־ז ע ץ ־ ה ו י ז.

געוועהנט זיך צו צום ביטערען טראפען, און איהר וועט בעקומען אייער רעכט: צוליעב דעם ביטערען טראפען וועט איהר אייער רעכט בעקומען, און פאר'ן ביטערען טראפען וועט איהר זי אויך אוועקגעבען.

און צוהיצט האט זיך פאמפאדור און האט אויסגערופען:

אה, איהר ניכטערע בעשעפעניסען! לאכט ניט פון די שיכורים וואס וואלגערען זיך שיכור'ערהייט אין די גאסען, כל־זמן איהר קענט די נ י כ ט ע ר ע קיין היים ניט געבען!...

אזוי האט גערעדט פאמפאדור.

## וועגען תשובה און פארטיי־בעלי־תשובה.

און די תלמידים האבען געפונען פאמפאדור'ן זיצענדיג אויף א חויכען שטיין, אין איינעם פון די שטאדט־פארקען און זיי האבען איהם געבעטען, אזוי ווי איצט איז די צייט פון תשובה טהאן, זאל ער זיי עפעס זאגען וועגען תשובה.

און פאמפאדור האט גאר ניט געוואלט זאגען. ער איז גע־זעסען א פערטראכטער און געשוויגען.

אבער די תלמידים האבען איהם ארומגערינגעלט און זיי האבען געוואלט כאטש וויסען, פאר וואס ער וויל ניט ריידען וועגען תשובה.

און פאמפאדור האט זיי געהייסען זיך זעצען ארום איהם אויפ'ן גרויסען שטיין. און ער האט אזוי געזאגט:

תלמידים! ווייסט איהר פאר וואס איך וויל ניט ריידען פון תשובה? ווייל תשובה, ווי צדקה, זיינען טעכנישע מיטלען, צו בע־רוהיגען דעם אייגענעם געוויסען, און פאמפאדור האט ניט ליעב די געוויסען־בערוהיגער פון אלע סארטען.

דאס וואס צדקה געבען איז פאר רייכע רויבער און מיליאָ־נערסקע וועלט־בעצווינגער, — דאס איז תשובה טהאן פאר זעע־לען־אָרימע און געפיהל־קבצנים.

דער רייכער רויבער, וואס טהיילט צדקה, הערט ניט אויף צו רויבען און דער זעעלען־אָרימער, וואס טהוט תשובה, הערט ניט אויף צו קריכען אין בלאָטע.

ביידע, אי דער רייכער צדקה־געבער, אי דער אָרימער תשובה־טוער — זיינען טרוסען און פייגליינגע. מענשען, וואס צי־טערען פאר'ן יום הדין, און נאך מעהר פאר זייער הויט.

און פאַמפּאַדור האט פיינט פייגליינגע, מעגען זיי זיין אפילו עכט פילאנטראָפּישע און עכט מאראַלישע.

תשובה ווי צדקה — זיינען פּ ע ט ע נ ט ־ מ ע ד י צ י נ ס פאר פוסטע נשמות; ערלויבנישען צו זינדיגען ווייטער; גוטע שטיקלעך סחורה אין די הענד פון מארק־שרייענדע הענדלער. וויל גאנץ עהרליכע מענשען דארפען זיך ניט אויסקויפען ניט מיט תשובה און ניט מיט צדקה.

און פאַמפּאַדור האט געוואָרפען א שטרענגען בליק אויף זיינע תלמידים און האט ווייטער גערעדט:

א שטענדיגער בעל עברה — איז א מענש אן אויסגעהאלטע־נער, און אויסגעהאלטענקייט ביי עברות איז שעהן — ווי סטיל אין שרייבען.

א שטענדיגער בעל עברה — איז א מענש מיט כאראקטער, הארטען הארץ ווי הארטען נאקען, און כאראקטער איז א פעלז אויפ'ן פעלד, איהר אכטעט איהם פאר זיין הארטקייט, כאָטש איהר קענט אויף איהם ניט אַנשפּארען דעם קאָפּ...

א בעל תשובה איז אויך א מענש, וואס איז מיעד געוואָרען פון א רוקען־ביין, און א מענש אָהן א רוקען־ביין איז ווי א שרייבער אָהן סטיל — א נאכאהמער, א נאָכקרימער, אן אוראנג־אוטאַנג.

א בעל תשובה איז אויך א מענש וואס איז מיעד געוואָרען פון זינדיגען, אדער וואס האט פערלאָרען די קראפט צו זינדיגען, און מיעד געוואָרענע און קראפטלאָזע זיינען גוטע איינוואָהנער

פאר מושב זקנים׳ס, אבער ניט קיין גוטע מיטגליעדער פאר׳ן ריזיגען טאנץ־זאל, וואס הייסט — לעבען.

און פאמפאדור האט זיך פערקוקט אויף דער אונטערגעהענ־דער אסיען־זון, און ער האט אזוי געזאגט:

פריינד מיינע! פאמפאדור האט ליעב עקשנים, איינגעשפאר־טע בעל־עברות, מענשען וואס שיינען אויף זייער אופן ביז דער אונטערגאנג פון זייער זון...

פאמפאדור האט גרוים דרך ארץ פאר די אלישע בן אבויה׳ס וואס ווילען ניט קיין תשובה טהאן.

— ווייל וואס איז תשובה? — תשובה איז א ווייכער שאַ־קעל־שטוהל אום צו פארשלעפערען דעם אויסגעשפיעלטען „איך״, אויף די לעצטע יאהרען.

ווייל וואס איז זינד? — זינד איז א יונג פערשייט פערדעל וואס פליהט איבער וואלד און פעלד, ביז ער ברעכט האלז און נאקען.

תלמידים! פאמפאדור האט ניט ליעב קיין בעלי תשובות ווי ער האט ניט ליעב קיין גרים.

בעלי־תשובה, ווי גרים, זיינען קליין־הענדלער מיט גרויסע זאכען.

בעלי תשובה, ווי גרים, ווילען אנערקענונג פאר זייערע אפ־פער, לארבער־קרענצע פאר זייערע אויפטהועכצען, שטוהלען אין גן־עדן פאר זייערע טוגענדס... און וואס איז דאס, אויב ניט קליין האנדעל?

בעלי תשובה, ווי גרים, מאכען אויסשטעלונגען פון זייערע מעשים טובים. און אן אויסשטעלונג איז אפשר שעהן פאר דער פראדוקציאן פון מוח און האנד, אבער ניט פאר דער פראדוקציאן פון דער נשמה און גייסט...

פאמפאדור זאגט צום גר: פריינד אמת־זוכער, קום ניט צו אונז, מיר זיינען נאך אליין אויך ניט זיכער, אויב ביי אונז איז דער גאנצער אמת!

פאמפאדור זאגט צום בעל תשובה: פריינד חרטה האבער!

שטעה וואו דו שטעהסט, מיר האבען נאך ניט אונטערזוכט אויב אונזער פלאטפארם איז די שטארקסטע.

און פאמפאדור איז אנטשווינגען געווארען, אבער די תלמידים האבען איהם געבעטען ער זאל נאך עפעס זאגען און ער האט געזאגט.

תלמידים! מעהר ווי די שוהל־בעלי־תשובה האב איך פיינט די פארטיי־בעלי תשובה, וואס קומען אויף די עלטערע יאהרען צוריק צו אונזער פאלק.

פארטיי בעלי תשובה — דאס זיינען אנטלאפענע מענער וואס קומען צוריק...

נאריש איז אנטלויפען פון דער ווייב, ווייל צו וואס ביזטו פריהער אזוי געלאפען נאך איהר? אבער נאך נארישער איז דאס קומען צוריק.

דום איז דאס אנטלויפען פון אייגענעם פאלק, אבער נאך דור־מער איז דאס קומען צוריק.

און דער עיקר — מיט פארטיי בעלי־תשובות ווי מיט אנט־לאפענע מענער קען מען קיין מאל ניט זיין זיכער.

מעהרסטענס צוריקגעקומענע מענער, קענען ניט בלייבען לאנג אין דער היים און זיי אנטלויפען ווידער.

און מעהרסטענס בעלי תשובה קענען ניט בלייבען ביי זייער ערשטער תשובה, נאר זיי געהען תשובה טהאן ווייטער...

און פאמפאדור איז אראפ פון שטיין, געדריקט די הענד פון זיינע תלמידים און האט זיי צום אבשיעד אזוי געזאגט:

פריינד מיינע, איילט זיך ניט צו ווערען בעלי תשובה! איילט זיך בעסער צו זינדיגען!

איהר פרעגט פאר וואס? — ווייל זינדיגען הייסט געניסען פון לעבען, און געניסען איז א רענדעוואו מיט דער בליץ־אנטלויפענ־דער צייט וועלכע מען טאר ניט פערשפעטיגען... אבער תשובה טהאן, דאס קענט איהר אפילו צעהן מינוט פאר'ן טויט.

ווי איהר קוקט אן פאמפאדור'ן, האט ער בעסער ליעב אן אלטען בעל עבירה ווי א יונגען בעל תשובה, ווייל אן אלטער בעל עבירה איז א מענש וואס האט כאטש געלעבט און גענאסען און

א יונגער בעל תשובה איז א מאן וואס טויטעט זיך אין סאמע בליהען...
אזוי האט גערעדט פאמפאדור, און ער האט פערלאזען זיינע תלמידים.

### וועגען טהעאטער און אקטיארען.

און די תלמידים האבען געפרעגט פאמפאדור'ן, ווארום מען זעהט איהם אזוי וועניג אין טהעאטער?
ווארום ער געהט ניט זעהן די נייע פיעסען און די נייע אקטיארען?
און פאמפאדור האט אזוי געזאגט:
תלמידים! פאמפאדור האט פיינט טהעאטער, ווייל ער האט ליעב דאס לעבען.
און טהעאטער איז ניט לעבען — נאר קאריקאטור, מאסקע, גרים, פארב און פאלשקייט.
אויב אייניגע ווילען האבען, אז טהעאטער איז דער שפיגעל פון לעבען, מוז דאס אפנים זיין זעהר א ביליגער שפיגעל.
פאמפאדור האלט ניט פון טהעאטער.
טהעאטער — איז פאר פאמפאדור'ן ניט קיין אמת'ע קונסט, און אקטיארען זיינען ביי איהם ניט קיין אמת'ע קינסטלער.
אמת'ע קונסט — איז צניעות.
אמת'ע קונסט — איז שטילקייט.
אמת'ע קונסט — איז א ווינקעל פאר זיך אליין.
אז אמת'ער קינסטלער, האט פיינט דאס פובליקום, וואס קומט אויף איהם קוקען, ווען ער שאפט...
אמת'ע קינסטלער, שאפען, ניט אויף א שטארק בעלויכטעטער ביהנע, נאר ביי'ם ליכט פון זייער אייגענער נשמה.
אמת'ע קינסטלער, שאפען פריהער פון אלץ פאר זיך אליין.

וואס גרעסער די שעפּפונג, אלץ ווייטער איז דער קינסטלער פון עולם.

און טהעאטער־קונסט — הייסט האבען, וואס א גרעסערען עולם.

וואס איז אן אקטיאר — פרעגט פּאמפּאדור?

און פּאמפּאדור ענטפערט: אין בעסטען פאל איז אן אקטיאר א מענש, וואס פערקויפט שטיקער טאלאנט אויפ'ן פונט פאר א מארק מיט מענשען.

פּאמפּאדור האלט ניט פון אקטיארען.

דער גרעסטער אקטיאר איז קלענער אין די אויגען פון פּאמ־פּאדור'ן, פון דעם קלענסטען פּאעט.

ווייל דער קלענסטער פּאעט שאפט פריהער פון אלץ צו זעטי־גען זיין אייגענע נשמה.

און דער גרעסטער אקטיאר שאפט אימער צו בעפריעדיגען דעם גרויסען עולם.

און פּאמפּאדור האט זיך פערטראכט א ווייל און ווייטער גערעדט:

טהעאטער — איז שונד.

שפּיעלען טהעאטער, ווי שרייבען א שונד־ראמאן, הייסט וועלען נעהמען דעם עולם, הייסט, זיך ארונטערצולאזען צו זיין מאיעסטעט דאס וו ע ר ט ה ע פּ ו ב ל י ק ו ם.

שוישפּיעלעריי — איז פריהער פון אלץ קערפּער־קונסט. און די קונסט פון קערפּער איז קונצענמאכעריש.

שוישפּיעלעריי — איז געציעלט פריהער פון אלץ פאר'ן אויג, און דעם אויג אין א מענשען קען מען בלענדען.

שוישפּיעלעריי איז אויך א קונסט, וואס קומט פון א צווייטער האנד, פון שרייבער צום אקטיאר. און דאס איז ווי א געליעבטע, וואס קומט צו אייך אנליעבענדיג זיך געגוג מיט איהר ערשטען געליעבטען.

תלמידים, ווייסט איהר, וואס איז באמת דאס טהעאטער? און וואס איז באמת אן אקטיאר?

טהעאטער איז, ווי מלחמה — איןביידע זאכען זוכט מען „העלדען“ — און ניט קיין קינסטלער.

אן אקטיאר, ווי א גענעראל — זוכט די הויפטזאך צו נעה־מען מיט שטורעם. זיך אויסצוצייכענען. ער ווענדט דערביי אן אלע סטראטעגישע מיטלען.

און אויף דער ביהנע פון טהעאטער, ווי אויף דער ביהנע פון מלחמה — איז דער עיקר די מינוט, מען דארף וויסען, ווי אויס־נוצען דעם מאמענט פון בעגייסטערונג. מען דארף קענען נארען דעם „שונא“, אפטהאן איהם א שפיצעל, און נעהמען איהם אין פ ל ע ן.

און אלץ, וואס איז געבויט אויף דער מינוט — איז ניט קיין קונסט.

טהעאטער־קונסט — איז בעוועגונג, איז אלערגרעסטע שנעל־קייט.

און דאס אמת'ע לעבען, ווי די אמת'ע קונסט — איז אין רוהיגקייט, און אפילו אין פוילקייט.

שאפען אמת'ע קונסט, הייסט ניט איילען זיך.

טהעאטער — דארף ניט נודיען און טאר ניט לאנגווייליגען.

קונסט — מעג.

יעדע גרויסע קונסט־ווערק לאנגווייליגט. אזוי ווי דאס לעבען גופא.

טהעאטער — איז א פערגעניגען, און קונסט—איז א טרויער־דיגער חוב.

תלמידים! איהר זייט אודאי מקנא די אקטיארען, די אפ־לאדיסמענטען, וואס זיי קריגען, אין דער צייט, ווען א שריפט־שטעלער זעהט ניט זיינע בעוואונדערער?

פאמפאדור איז איבערצייגט, אז טאקע די אפלאדיסמענטען — דאס זיינען די קברות־לייטע פון דער טהעאטער־קונסט.

בעסער שאפען אונטער די שטילע פליעגלען פון דער איינצי־גער מוזע, איידער אונטער די אפלאדיסמענטען פון א טויזענד־קעפיגען עולם.

פאמפאדור האט מיטלייד מיט די אקטיארען, וועלכע פארבען

זיך אַב אַ לעבען, גרימירען זיך אַפּ די יאָהרען און בלייבען מיט די צוקנייטשטע פּנים'ער, און פלעקען אונטער די אויגען.

תלמידים! אַקטיאָרען זיינען נאָר דאַן קינסטלער, ווען זיי טרעטען ניט אויף פאר אַן עולם, ווען זיי שפּיעלען **א י ן** זיך, **פ א ר** זיך!

אַזוי האָט גערעדט פּאַמפּאַדור.

**נאָך אַמאָל וועגען מלחמה.**

תלמידים מיינע! — האָט אויסגערופען פּאַמפּאַדור — רופט מיך מיזאַנטראָפּ, רופט מיך מיליטאַריסט, רופט מיך פּראָסט פליישעסער, נאָר איך בין פאַר מלחמה.

מלחמה — דאָס איז אַ נויטווענדיגקייט פאַר דער וועלט, ווי פלייש עסען פאַר דעם איינצעלנעם.

איך האָב פיינט אַ בלאַסע וועלט, אַ וועלט פון שלום, אַ וועלט פון גראָז־עסען און מילך טרינקען.

איך האָב פיינט פריעדליבע מענער, ווי אויסגעמאָגערטע וועגעטעריאַנער, ווי מיליביגע פילאָזאָפען.

תלמידים! איך בין אַ פלייש־עסער.

מלחמה — דאָס הייסט עסען פלייש מיט'ן פולען מויל, זויפען בלוט מיט דער גרעסטער לעפעל.

מלחמה — דאָס איז אַ געזונטער אַפּעטיט פון אַ געזונטען פאָלק.

פעלקער־קריעג — דאָס איז אַ ריעזיגער בראַטען סערווירט פון מיליאָנען פודען סאָלדאַטען־פלייש.

וועלט־קריעג — דאָס איז אַ טהייערער בלוטיגער סטייק אויף הונדערט מיילען גרויס.

שלום — דאָס איז גראָז עסען, דאָס הייסט זיין אַ בהמה, מיעקען וועגען פריעדען און לאָזען זיך מעלקען...

שלום — דאָס איז אַ ד י ע ט ע פון בלויז מילך פאַר קראַנקע שווינדזיכטיגע פעלקער, פאַר שוואַך־ברוסטיגע נאַציאָנען.

פּאַמפּאַדור איז פאַר אַ וועלט־קריעג.

די וועלט, מיט איהר גאַנצער קולטור, האָט ביז דער איצטי־גער גרויסער מלחמה אויסגעקוקט ווי אַ מילכיגער רעסטאָראַנט פול מיט מאַגען־ליידענדע בטלנים, וואו מען קומט אַפּ מיט צייהן־העלצלאַך אַנשטאָט מאכלים; מיט קראַצען זיך, אַנשטאָט קייען; מיט שאָקלען מיט די הענד, אַנשטאָט דריקען מיט די צייהנער.

איירָאָפּאַ — האָט צופיעל פּראַקטיצירט וועגעטריאַניזם גע־סערווירט פון פינאַנץ־דיפּלאָמאַטען און פּוטערדיגע פריעדען שמי־רער.

איצט האָט דאָס וואָרט די פלייש־עסענדע חיה, דער גענע־ראַל מיט דער ביינער־צושמעטערנדער קאַנאָנע, דער מענש פון בלוט־דורשט.

מענשען! — רופט פּאַמפּאַדור — עפענט אויף ווילד אייערע אויגען, צושפּרייט די נאָז־לעכער און ווערט חיות.

מענשען! קעהרט זיך אום צום וואַלד, צו אייער ערשטער, אמת'ער היים, פרעסט אויף איינער דעם צווייטען!

די וועלט מוז איבערגעפאַרבט ווערען מיט בלוט!

בלוט — דאָס איז וועלט־געשיכטע.

וואשט אַפּ דאָס בלוט פון די היסטאָרישע ביכער און עס וועלען בלייבען שמאַטעס, געצוקערטע ליגענס, און נאַרישע מעשיות פאַר אַלטע באָבעס.

בלוט — דאָס איז לעבען.

פערגיסען בלוט — דאָס איז מעריייליך פון אייביג עולם.

יעדער גרויסער פערגניגען ווערט געקויפט מיט בלוט־פערגי־סונג.

ליעבען שטאַרק — הייסט פלאַגען זיך ביז בלוט.

ווערען אַ מאַמע — מיינט בלוטען.

בלוט — דאָס איז שאַפען.

אהן בלוט — הייסט מאַכען ציימונגס־אַרטיקלען, שלעכטע פּאָעזיע און וואַסערדיגע געדאַנקען.

און רעדט מיט מיר ניט וועגען רחמנות. רחמנות — דאס איז א מפיל־קינד פון צדקה, וועלכע איז אליין אויך א וויסטע קאליקע.

רחמנות־שוועסטער — דאס זיינען פילאנטראפישע ליליפוט־פלאסטערלאך געלעגט פון קאפיטאליסטישע רויבער־דאקטוירים אויף דער גיגאנטישער וואונד פון דער געזעלשאפט נאר צוליעב זייער אייגענעם נוצען.

און רעדט מיט מיר אויך ניט וועגען די שלום־זוכער, די סאציאליסטען.

סאציאליסטען — דאס זיינען די זויג־קינדער פון דער וועלט, וואס זויגען די דארע ברוסט פון פריעדען ווייל זייערע צייהנדלעך זיינען נאך צו שוואך צו קייען פלייש.

גלויבט פאמפאדור׳ן. זאלען זיי נאר עלטער ווערען און זיך זעצען ביים טיש גלייך מיט אלעמען, און זיי וועלען ווערען פלייש־עסער ווי אלע.

אלץ וואס איז יונג איז פאר מלחמה.

נאר אלטע מענער און פרויען זיינען געגען מלחמה, ווייל זיי ווילען ניט פערלירען זייערע שפייזער.

תלמידים, פאמפאדור זעהט די מיליאנען מחנות סאלדאטען, וואס זיינען גרייט צו אויסגע׳הרג׳עט ווערען, און ער בלייבט רוהיג, איהם אהרען ניט די גרויסע בוכשטאבען פון די עקסטראס, איהם קימערן ניט די גרויסע צאהל הרוגים.

מאכען א גאנצען בית־עולם אין איין טאג איז פיעל שעהנער, ווי מאכען א מתים־שטאדט פון איינציגע, צו ביסלעכווייז.

תלמידים מיינע! זייט פלייש־פרעסער, איך בין פאר א מענש־חיה אויף דער וועלט כל זמן עס איז נאך קיינעם ניט געלונגען צו מאכען פון דער ערד אן אכטען הימעל...

אזוי האט גערעדט פאמפאדור.

דאמאלס האבען איהם זיינע תלמידים אנגעטראפען געהענדיג אין דער ריכטונג פון וואלד.

וועגען איביגען הונגער און דערוויילינגע נאכטלעגערס.

און ס'איז געווען אין די צייטען פון ארבייטסלאזיגקייט ווען די ארבייטסלאזע מחנות האבען געשטורעמט די קירכען און גע־פאדערט עסען און נאכטלעגער און פאמפאדור האט זיך געשטעלט אויף א טרעפעל פון א קירכע און ער האט אזוי געזאגט:

תלמידים! פאמפאדור איז פאר אייביגען הונגער אויף דער וועלט.

פאמפאדור איז מיט אייך, איהר אימער הונגעריגע.

הונגערען — דאס איז נאר די פריווילעגיע פון קינסטלער, שעהנקייט'ס־זוכער און הימעל־דערגרייכער.

און ווילט איהר דערגרייכען וואס שנעלער דעם הימעל, דאן מוזט איהר אייער גוף מאכען לייכט ווי א פויגעלע פון שטאדטי־שע פארקען.

אימער זאט זיין — דאס הייסט פערשטאפען די נשמה.

תלמידים! זייט אימער הונגעריג נאך עפעס.

הונגערט נאך ליעבע, נאך שעהנקייט, נאך מאכלים ניט גע־גרייטע און געטראנקען ניט דערלאנגטע.

ווייל, נאר הונגעריגערהייט קענט איהר זיי דערגרייכען.

תלמידים מיינע. זייט קינסטלער!

און אויב ס'איז אייך שווער צו זיין קינסטלער פון פעדער, פוןווארט און פון פינזעל, דאן זייט לכל הפחות קינסטלער פון ניט עסען.

קינסטלער מוזען הונגערען.

זאטע נפשות, ווערען בעלי־בתים פון בייכלאך און פון „ביכ־לאך" אבער ניט די הערשער פון נייע אמת'ן און ניט געבאנקטע־בי־בעלטע טרוימען.

זאטקייט — איז דער טויט פאר'ן קינסטלער.

ווען מ׳שלאָפט מיט א פולען מאָגען קען מען אפילו ניט חלום׳ן פון בייגעל מיט פוטער.

דעם קינסטלערס בעט איז זיין שרייב־טיש, נאָר דאָרטען ווע־רען געבוירען זיינע שעהנסטע חלומות.

די פוטער־געבעקס פון׳ם שעהנהייטס־פיהלענדען — זיינען זיינע פאנטאזיען.

שאפען — דאָס הייסט הונגערען, דאָס איז די אייביגע קרעמפפען פון דער נשמה ווי פון מאָגען.

תלמידים מיינע, זייט שעפפער און שטויסט די וועלט צום שאפען!

א זאטע מענשהייט — דאָס הייסט א מענשהייט פון בלויז מאגען און אבפיהרונגס־מיטלען.

פּאַמפּאַדור איז פאר הונגער.

דער הונגער — ער איז פאר דעם גייסט דאָס וואָס דער קאָר־סעט פאר דעם פרויען קערפּער, ער מאַכט איהם איידעלער.

פּאַמפּאַדור איז געגען זאטקייט. —

זאטקייט — דאָס איז זיכערהייט — און א קינסטלערישע נשמה טאָר ניט נאָר ניט זיין זיכער מיט זיין געליעבטער, נאָר אפילו מיט דירה־געלד פאר א מאָנאט.

אמת׳ע שעפפונג — הייסט שטענדיגער ציטערען פאר׳ן מאָר־גען.

קינסטלערישע נשמות — דארפען אימער בלאָנדזשען און אי־מער זוכען נייע נאכטלעגערס.

א, איהר היימלאָזע! זוכט ניט קיין חיימען, נאָר נאכטלע־גערס!

געהט אפילו אין די קירכען.

אלץ איז בעסער צו לאָזען דאָרט א י ב ע ר נ ע כ ט י ג ע ן אייער קערפּער, איידער צו ט א ג ע ן דאָרט מיט דער נשמה.

תלמידים, האַלט אימער אין איין זוכען נייע היימען אבער געפינט ניט!

געפין קיין היים! רופט די קונסט צו דער קינסטלערישער נשמה, בעסער פערליר וואָס אפטער און געפין וואָס וועניגער...

תלמידים מיינע! פּאמפּאדור איז אימער הונגעריג.
צעהנדליגע פרויען קענען ניט שטילען זיין גרויסען הונגער נאָך ליעבע.
צו פּאמפּאדור'ן שמייכלען אימער נייע הײמען און ווינקען אימער נייע ליעבעס.
אזוי האָט גערעדט פּאמפּאדור, און איז ארונטער פון טרעפּעל.

וועגען באַנק־ביכלאך און געלד־שפּאָרעניש.

תלמידים מיינע, שפּאָרט ניט קיין געלד!
דער רוהיגסטער קאָפּ איז — דער געדאַנקענלאָזער, דאָס מונטערסטע הארץ איז — דאָס זארגלאָזע, און די זיכערסטע קעשענע איז די פּוסטע.
תלמידים מיינע, פאָלגט אייערע פּאמפּאדור'ן. און הערט וואָס ער זאָגט אייך:
שפּאָרען געלד — דאָס איז דאָס זעלבע ווי קלייבען מצוות: מאַמע פון איינגעשרומפּטען מאָגען, און דער מיקראָב פון שווינד־זוכט.
שפּאָרען געלד — דאָס איז דער קבר פון אייער פערגעניגען, די לאַפּעטע ערד אויף אייער לעבענס־לוסט, די תכריכים פון אייער זארגלאָזיגקייט.
שפּאָרען געלד — דאָס איז דאָס זעלבע ווי קלייבען מצוות: ביידע זאַכען זיינען אין די הענד פון שפּעקולאַנטען און גאָט'ס גנבים.
דער באַנק־ביכעל ביים לעבען איז דאָס זעלבע וואָס דער גן־עדן נאָכ'ן טויט, זיי ליגען אין די הענד פון פאַלשע געשעפטס־לייט און הענדלער מיט דער דומהייט פון פאָלק...
אַה, איהר אַבגענאַרטע פון ביידע וועלטען! בויט ניט אייער

גליק אויף שפּאַרעז פאַר דעם מאָרגען. בויט אייער גליק אויף פערלעבען דעם היינט.

נאַראָנים! גיט אוים אייער גליק מיט אמאָל. פערלעבט אייער געלד ווי אייערע טעג — אלץ איינם זייט איהר באַנקראָט.

לאַכט פון דער צוקונפט!

די צוקונפט, דאָס איז אין בעסטען פאַל א באַנק־ביכעל ביים באַנקיער — „צופאַל“.

אוי, די באַנק־ביכלאַך און די חלומות פון צוקינפטיגע גליקען ווי זיי נאַרען דעם מענשען!

דער בעסטער באַנק־ביכעל איז ניט מעהר ווי א שטיק פּאַפּיער, און דער גרעסטער גליק איז ניט מעהר ווי א געשריעבענער ציפער.

בויען דאָס גליק פון לעבען אויף א באַנק־בוך איז דאָס זעלבע — ווי אויפהאַלטען דעם שלום־בית אויף א כתובה...

תלמידים! פּאַמפּאַדור איז לאַנג געקומען צום שלום, אז בעסער לעגען דעם גליק ביי דעם לייכט־פליגלענדיגען „מאָמענט“ איידער ביי דעם פעט־בייכיגען באַנקיער.

א באַנקיער — דאָס איז א רויבער מיט א טשאַרטער, און א גזלן מיט א חשבון.

א באַנקיער — איז א ווייב אין קאָונטרי, זי אמוזירט זיך אויף דיין רעכענונג...

דער בעסטער באַנקיער — איז נאָר דער טויטער באַנקיער, ווייל, ער קען שוין אייער געלד ניט פערלעבען...

א באַנק — דאָס איז אונזער פער׳משכון׳טעס לעבען, עס פיהרט סוף כל סוף צו באַנקראָט.

א באַנק — דאָס איז אונזער „האָפענונג“, פערזעצט אויף קליינע פּראָצענטען. און מען איז ניט זיכער מיט׳ן קרן.

א באַנק — דאָס איז דער מאָרגענדיגער טאָג, וואָס קען ברענגען א געלאָף אויף אלע דיינע טרוימען...

די זיכערסטע באַנק — איז, די באַנק פאַר׳ן הויז, אויף איהר ז י צ ט מען, אבער זי ז ע צ ט ניט אָן.

תלמידים מיינע, שפּאָרט ניט!

האבען א באנק־ביכעל הייסט זארגען פאר א צוקונפט, בעזאר־גען זיך מיט א פרוי, ארבייטען א גאנצען לעבען און אבשפארען זיך א הארב אויף די פלייצעס.

א באנק־ביכעל — דאס איז באנקראטירטע בחור׳שאפט, א וואטאווער לייבל פאר דער עלטער, וואלענע זאקען פאר די רעוומאטיזנע פיס. א ווארימע קאלדרע פאר „עלטער־שוועכע".

תלמידים מיינע! יוגענד — שפארט ניט, יוגענד פערלעבט.

די איינציגע זיכערע קאסע פאר דער יוגענד איז — די פרייד.

האבען א באנק־בוך — הייסט זיין פראקטיש. און פראקטיש־קייט איז די ערשטע באנקראטירטע פירמע פון דעם צוקונפט־מענש.

די שעהנע נשמה — זי איז אונפראקטיש.

די שעהנע נשמה, — זי איז די ברייטע נשמה.

די ברייטע נשמה — זי איז אן ארימע מיידעל אין איין קליידעל.

די שפארענדע נשמה — דאס איז א מיאוסע רייכע מויד, וואס זוכט שידוכים פון צייטונגען...

און פאמפאדור האט גענומען אן עקסטרא־מלחמה צייטונג אין זיין האנד און ער האט צו זיינע תלמידים אזוי געזאגט:

שלום — דאס איז א וועלט־באנקראט.

קעניגע — דאס זיינען באנקירען וואס שטעלען איין אין קאמפף די קעפ פון זייערע דעפאזיטארם — די אונטערטהאנען.

סאלדאטען — דאס זיינען די זעלבע נארישע דעפאזיטארם וואס פערלירען אי דעם קרן אי דעם פראצענט.

און פאמפאדור האט זיך אויף א ווייל פערטראכט און נאכ־דעם האט ער ווידער גערעדט!

תלמידים! שפארט ניט אפילו קיין דורכלעבענישען. מאכט ניט פון אייער נשמה קיין בוך מיט אלטע חשבונות. מעגען זיי אפילו זיין ליעבע־חשבונות.

האט קיין מורא ניט פאר׳ן מארגען, ווענט איהר ניט דארפען קלאגען אויפ׳ן היינט...

שפּאַרט ניט קיין געלד בּיסלעכווייז, וועט איהר עס ניט פער־לירען מיט אמאָל.

די צוקונפט פון נייעם מענשען בעלאנגט צום זאַרגלאָזען!

אזוי האָט גערעדט פּאַמפּאַדור.

דאָס האָט פּאַמפּאַדור גערעדט אין יענער צייט, ווען ער האָט געזעהן די טויזענדער מענער און פרויען, וועלכע זיינען געשטאַנען ביי די צוגעשלאָסענע בענק און בעקלאָגט זייערע אָבגעשפּאַרטע סענטען.

וועגען וואַרטען און האָפען.

היינט, תלמידים מיינע, וויל איך מיט אייך רעדען וועגען וואַרטען און האָפען.

איך ווייס, איהר האַלט זעהר פון די דאָזיגע זאכען, טו הערט וואָס פּאַמפּאַדור וועט אייך זאָגען:

וואַרטען — דאָס הייסט מאַכען חבר מיט'ן זייגער און מאַ־כען חבר מיט'ן זייגער הייסט, פּייניגען זיך.

וואַרטען — הייסט ווערען א שקלאַף צו דער צייט.

און גליקליך זיינען נאָר די יעניגע וואָס ווייסען ניט פון קיין צייט, וואָס הענגען ניט אָן זייער גליק אויף די ווייזערס פון זיי־גער...

וואַרטען — דאָס איז דער שאַרפסטער מעסער פון דער האָפענונג — און האָפענונג דאָס איז די אינקוויזיציע פון דער נשמה...

וואַרטען — איז אפילו שלעכט אויף א געליעבטער, און נאָך ערגער איז, ווען זי ווייס, אַז א י ה ר ערוואַרטעט זי — דאַן וועט זי זיכער ניט קומען, כדי אייך צו פערשאַפען דאָס פערגע־ניגען פון וואַרטען...

ווארטען — דאָס איז דאָס געוועהר פון א פרוי וואָס וויל אייך רייצען און בעקעמפפען.

און א פרוי איז דער שטענדיגער שונא פון אייער רוהיגקייט.

תלמידים מיינע, ווארט ניט און האָפט ניט!

קומט איהר אויף א אידישען קאָנצערט מיט א פּראָגראַם פון ערווארטונגען, וועט איהר אוועק אַן ענטוישטער.

געהט איהר אין א אידישען טהעאטער מיט ערווארטונגען, וועט איהר נאָך מעהר ענטוישט ווערען.

עפענט איהר א אידישע צייטונג און ערווארט דאָרט עפּעס צו געפינען — זיינט איהר א גרינער, א שטימען־פון־פאָלק שרייבער, אָבער ניט קיין אינטעליגענטער לעזער.

ערווארט איהר א טובה, א גמילת־חסד פון א חבר, וועט איהר עס געוויס ניט קריגען...

ערווארטונג — איז די מוטער פון ערגערניש און ענטוישונג.

ניט ווארטען — הייסט זיין ערפאַהרען, הייסט זיין שטאָלץ און זיך אליין, הייסט גלויבען אין זיך אליין...

האָפען — דאָס איז דאָס מפיל־קינד פון אָפּטימיזם, און אָפּטימיזם איז היינט בלויז דאָס אייגענטהום פון ווערטער־ביכער.

ווארטען — דאָס איז א שוועסטער פון אָרימקייט און עזעל־געדולד, און דער גייער מענש טאָר קיין עזעל ניט זיין.

ווארטען — דאָס הייסט אָנבינדען זיך אָן עפּעס, הייסט קאָנצענטרירען זיך אויף איין זאַך, הייסט ווערען א „קרענק".

דאָס לעבען הייסט — שפּרינגען, לויפען, הייסט זיין לייכט־זיניג, קיינעם ניט טרויען, הייסט טאַנצען דאָ מיט איינעם און דאָ מיט א צווייטען, ווי א פערשייט מיידעל אין א טאַנץ־קלאַס...

דאָס לעבען — איז א נאַכט אין א האָטעל, א כאַפּ פון א בור־פעט, א שפּרונג אויף א פרעמדען באַל, א גליה־וואָרים אין גראָז, א שאָקעל פון א הימעל ביים גריסען זיך, א ברען פון א שוועבעלע, א ציטער פון א פאַרהאַנג; לעבען — הייסט נעהמען אָהן ערווארטונגען...

ווארטען און האָפען — הייסט גלויבען אין דער צוקונפט, און גלויבען דאַרף מען נאָר אין דעם י ע צ ט.

גלויבען אין דער צוקונפט — דאָס איז פּרנסה פאַר וואָהר־זאָ־גער און קאָרטען־לייגער.

שעהן איז אין לעבען נאָר דער סורפּריז, דאָס פּלוצלינג־געקומענע.

אַם ליעבסטען איז א קוש — ווען איהר כאַפּט איהם אומגע־ריכט, ערגעץ אין א פּאַרק פון א ווילד־פרעמד מיידעל...

אַם ליעבסטען איז א גאַסט — ווען ער קומט אונערוואַר־טעט, און אָפט איז ער נאָך ליעבער — ווען ער קומט גאָר ניט...

וואַרטען אויף עמיצען איז נאָר גוט מיט א שלאָס אויפ׳ן טהיר.

אויב עס איז אייך שוין יאָ אַמאָל בעשערט צו וואַרטען אויף א מיידעל, טאָ וואַרט נאָר אין ראַג־גאַס לעבען א וויין־קעלער, וויל דאַן וועט איהר קענען פערטרינקען אייער ענטוי־שונג — אויב זי וועט ניט קומען...

האָפען און וואַרטען — דאָס איז דער קאָרסעט פון דער נשמה, די קייטען אויפ׳ן גוף פון גליק, די שטיינער אויפ׳ן וועג פון געניום...

געניסען — הייסט: ניט האָפען נאָר נעהמען גלייך מיט ביידע הענד.

האָפנונג — דאָס איז א זעלבסט־נאַרעריי. דאָס איז קאָרטען־געלד, וועלכע איהר דאַרפט ערשט געווינען... דאָס איז א שפּיעל אין „זשמורקעס“ מיט׳ן בלינדען צופאַל...

תלמידים מיינע, האַלט ניט קיין וואָרט, מאַכט ניט קיין ראַנ־דעוואוס, אפילו ניט מיט קיין אשת־איש, בעשטימט ניט קיין צייט מיט קיינעם און איהר וועט זיין גליקליכער...

תלמידים מיינע, וואַרט ניט!

וואַרטען — דאָס איז דער משיח פון די נאַראָנים, ער קומט קיינמאָל ניט...

איך וויל ניט וואַרטען, איך וויל שוין! — דאָס איז דער יוד־בעל־געשריי פונ׳ם נייעם מענשען.

אַזוי האָט גערעדט פּאַמפּאַדור.

וועגען פריינד און פיינד.

און איינמאָל איז געקומען צו רייד וועגען פריינד און פיינד, די תלמידים האָבען געוואָלט וויסען פּאַמפּאַדור'ס מיינונג, און פּאַמ־פּאַדור האָט אזוי געזאָגט:

תלמידים! פּאַמפּאַדור האָט ל י ע ב זיינע פיינד און נ י ט ליעב זיינע פריינד.

א פיינד, רעדט אויף אייך א ו י ס ו ו ע נ י ג, טראַכט אויף אייך אוים בלבולים און ניט אלע גלויבען איהם.

א פריינד, רעדט פון א י נ ו ו ע נ י ג, מיט אויטאָריטעט, ער איז בעקאַנט מיט אלע סודות פון אייער שלאָף־צימער. און אלע גלויבען איהם, ווייל מען ווייס דאָך אז ער איז אייערער א פריינד.

א פיינד רעדט אויף אייך אומעדום, כאָטש צום שלעכטען, אָבער דערוויייל מאַכט ער אייך א נאָמען...

א פריינד פערשוויינט אייך אמעהרסטענס, ווייל אלע ווייסען דאָך, אז ער איז אייערער א פריינד, און וואָס האָט ער וועגען אייך וואָס צו רעדען?...

פּאַמפּאַדור האַלט ניט פון פריינד.

א פריינד מוז מען אימער גלעטען — ווען ניט פערלירט איהר זיין פריינדשאַפט.

א פריינד מוז מען אימער לויבען, כאָטש עס איז ניטאָ פאר וואָס — ווען ניט, הערט ער אויף האַלטען פון אייער פריינדשאפט

א פריינד טאָר מען קיינמאָל ניט זאָגען דעם אמת — ווייל ער ווערט תיכף ברוגז. און ווען אייער פריינד איז נאָך דערצו א בעריהמטער מענש, מוזט איהר איהם חנפ'ענען, פיער און צוואַנ־ציג שטונדע א טאָג — ווען ניט ווערט ער אייך א דם שונא.

פריינד זיינען מעהרסטענס שוועכלינגע, וואָס ווילען אויס־נוצען אייער שטאַרקייט פאר זיך, ווילען זיך בעהאַלטען אונטער

איבערע פּלייצעס, כדי די קויל פון א שונא זאָל אייך א פריהער טרעפן ווי זיי...

האָבען פריינד, מיינט האָבען א גרויסע הוצאה. אַט געהט ער חתונה האָבען, און איהר דאַרפט איהם געבען דרשה־געשאַנק. אַט ווערט ביי איהם געבוירען א קינד, און איהר דאַרפט טראָגען א מתנה. אַט פייערט ער א געבורטס־טאָג, אַט א יובילעאום, אַט א גאָלדענע חתונה, אַט גיט ער אויס קינדער — און דאָס מיינט אַלץ מתנות און מתנות.

האָבען פריינד — הייסט אויך האָבען מענשען, וועלכע איהר מוזט לייהען גמילות חסדים אויף פערלירען.

וואָס הייסט פ ר י י נ ד ש אַ פ ט ? פרעגט פּאָמפּאדור. און פּאָמפּאדור ענטפערט:

פריינדשאַפט הייסט, פערניכטונג פון זיך זעלבסט, פערקלע־נערונג פון די אייגענע כחות, הייסט פערלאָזען זיך אויף א צוויי־טען. און צו וואָס?

וואָס הייסט פ י י נ ד ש אַ פ ט ? פרעגט פּאָמפּאדור. און פּאָמפּאדור ענטפערט:

פיינדשאַפט הייסט, אנשטרענגען אלע נערווען, זיין קאַמפּס־לוסטיג און מוטהיג, און פיהלען שטענדיג די אייגענע קראַפט.

און פּאָמפּאדור איז ענטשוויגען געוואָרען, און אין א ווײַלע ארום האָט ער ווייטער גערעדט:

פיינד — דאָס איז דער טערמאָמעטער פון אייער שטאַרקייט.

פריינד — דאָס איז דער מעסט־שנור פון אייער נאַרישקייט.

פּאָמפּאדור זאָגט צו יעדען איינעם: זאָג מיר מענש, וויפיעל פ י י נ ד דו האָסט, און איך וועל דיר זאָגען וויפיעל מאַכט דו בעזיצסט. און דאָס זעלבע, וויפיעל פ ר י י נ ד דו האָסט, און איך וועל דיר זאָגען, ווי ווייט נאַריש דו ביזט...

תלמידים, ענטלויפט פון פריינד!

האָבען א י י ן פריינד איז ניט פראַקטיש, האָבען א ס ך איז געפעהרליך.

ענטלויפט פון א הויז־פריינד! — ווייל ער ווייס ווי איהר

לעבט מיט אייער פרוי, און ער וועט עס אויספויקען פאר דער גאנצער וועלט.

ענטלויפט פון א פריינד וואס שלאפט מיט אייך אין איין בעט! — ווייל ער ווייס פון וואס פאר א מאטעריאל אייער אונ־טער־העמד איז געמאכט, און ער וועט אייך בערעדען...

און די תלמידים האבען געפרעגט פאמפאדור'ן: און וואס איז וועגען פרויען־פריינדשאפט?

און פאמפאדור האט א שמייכעל געטהאן און געזאגט:

די ערגסטע פריינדשאפט אין דער וועלט איז די פרויען־פריינדשאפט, ווייל זי קאסט אמטהייערסטען.

א פרוי איז נאר דאן אייער פריינד — ווען איהר פערלירט אין איהר שוים אייער פרייהייט און בחור'שאפט.

פרויען האבען קיינמאל ניט ליעב א ו מ ז י ס ט.

פרויען־פריינדשאפט — מיינט פערשפרייטען א חופה אייבער אייער קאפ, שיקען אייך אין פאבריק און בעזארגען אייך מיט קינ־דער.

האבען פרויען פאר פריינד — איז א סמן אז איהר זייט א נאריש אינגעל, איז אן אטעסטאט אויף אייער שוואכקייט, איז א צייכען, אז איהר האט פון די פרויען גאר ניט געגאסען. און זאז אין אייער בלוט רינט „מאראל" אנשטאט בלוט. און אז סוף כל סוף האט איהר מיט איינער פון זיי געהייראט...

פערקעהרט, האבען פרויען פאר פיינד, מיינט, אז איהר האט געלעבט א טאג, אויסגענוצט דעם מאמענט, זיך דאך אויסגעדרעהט פון זייערע הענד און געבליבען א פרייער פויגעל, נאך ביז היינט.

פאמפאדור גלויבט איבערהויפט ניט אין פרויען־פריינדשאפט.

א פרוי שטעהט בלויז אין פריינדליכער פערבינדונג מיט דער נאטור, איז בלויז טריי איהר בלינדען אינסטינקט וואס הייסט: „האב קינדער!"

אין פרויען־פריינדשאפט, גלויבען נאר די יעניגע וואס זייי־נען געבענשט מיט פרויען־כאראקטער.

פאמפאדור גלויבט אין פרויען־פיינדשאפט.

א פרוי איז א פיינד דעם מאן — ווען ניט, וואלט זי איהם

געלאזט ארומלויפען פריי און זיך בחור'ן ביז דער לעצטער האר אויפ'ן קאפ.

א פרוי איז א שונא דעם מאן, ווייל זי צווינגט איהם צו דיענען די געהיימע צוועקען פון דער נאטור און פאלגען זיינע בלינדע געזעצען.

אויב מען וויל שוין יא האלטען פון פרויען פריינדשאפט, איז נאר פון דער, וואס גרענעצט זיך מיט איינגעהען א סענטימענטען קנעפעל אין אייערע הויזען, און דערלאנגען א ריינע נאז־טיכעל פאר אייער נאז.

און פאמפאדור האט געוואלט געהן זיין וועג, נאר די תלמידים האבען איהם געבעטען ער זאל נאך עפעס זאגען.

און ער האט געזאגט:

„תלמידים, ווילט איהר וויסען ווער עס זיינען פאמפאדור'ס פריינד?"

פאמפאדור'ס פריינד איז יעדער מענש וואס איז דורכגעגאנגען פערביי, און איהם ניט געגריסט.

פאמפאדור'ס פריינד איז יעדע מיידעל וואס איז געזעסען אויף זיינע קניע און האט געהאט געגוג טאקט און שכל זיי צו לאזען פאר א צווייטער...

פאמפאדור'ס פריינד זיינען, די פרעמדע, גאנץ ווייטע מענשען, וואס ער האט זיי געזעהן ארויסשטעקענדיג זייערע קעפ פון די פענסטער פון שנעל־לויפענדע באהנען.

פאמפאדור'ס אמת'ע פריינד, זיינען די שטילע העלדען פון לאנג פערגעסענע ראמאנען.

פאמפאדור'ס אמת'ע פריינד, זיינען די פרעמדע קינדער, וואס האבען אין א שעהנעם פריהלינג־טאג געשמייכעלט צו פאמפאדור'ן, ניט וויסענדיג ווער ער איז.

תלמידים! פאמפאדור מאכט זיך א האלבען טוצען שונאים א וואך — און ער איז צופריעדען.

אזוי האט גערעדט פאמפאדור.

**וועגן שרייבען און לעזען.**

תלמידים מיינע, שרייבט ניט!
וואָצו שרייבען? פרעגט פּאַמפּאַדור.
דאָס געשריעבענע וואָרט — דאַרף זיין ווי אַ כוואַליע פון ים, וועלכע גרייכט דעם וויטען ברעג נאָר אין צייט פון שטורם.
דאָס געשריעבענע וואָרט — דאַרף געבוירען ווערען ווי אַ בליץ און טרעפען ווי אַ דונער.
אָבער ביי אייך איז עס אַ צוקייט שטיק אייער־בייגעל און אַ זופּ לעבליכע מהיי.
דאָס געשריעבענע וואָרט — דאַרף זיין ווי אַ מעסער אין אַ וואונד.
אָבער ביי אייך איז עס ווי אַ גאָפּעל אין אַ טייגעכץ.
תלמידים! שרייבען — דאַרף הייסען פערגיסען דאָס בלוט פון זיך און פון דעם לעזער.
קענט איהר פערגיסען בלוט פון דעם לעזער — טאָ שרייבט! ווען ניט — פערקויפט רוסישען קוואַס.
אַ שרייבער — דאַרף זיין אַ נביא פון רציחה — ווען ניט, זאָל ער בעסער ניאַנטשען קינדער.
די שרייבער־ביהנע — דאַרף זיין ווי אַן עשאַפאָט — קעפּ דאַרפען דאָרטען פאַלען; און די פעדער — זי דאַרף שטענדיג דיענען ווי אַ גילאָטינע.
דאָס געשריעבענע וואָרט — דאַרף פאַלען ווי אַ פייערדיגע לאַווע פון אַ גיהנום׳דיגען וואולקאַן — פאַר וועלכען מענשען שרעקען זיך, צולויפען און ראַטעווען זיך מיט׳ן לעבען.
אָבער אייער וואָרט איז אַ סאָדאַ־וואַסער, וועלכע גיסט זיך פאַר אַ פעני און וועלכע יעדער קען טרינקען...
אַך, ווי איך האָס אייך, איהר סתם שרייבער און גלאַט שמי־רער!

א געדאנק — דארף אָנשפּארען אין דער אייביגקייט, דארום דארף מען דענקען אַן אייביגקייט און שרייבען א מינוט.

אָבער איהר דענקט קיינמאָל ניט און שרייבט שטענדיג.

טינט, ווערט פערוואנדעלט אין בלאַטע, ווען עס שטעהט לאַנג אָבגעדעקט אין טינטער.

און די נשמה פון א שרייבער ווערט פערוואנדעלט אין א שפּיי־קעסטעל, ווען זי שטעהט טאָג־טעגליך אָבגעדעקט פאַר'ן לע־זער.

אַך, ווי איך האַס אויך די סתם לעזער און די שטענדיגע וואָרט־שלינגער.

תלמידים! נאָר צוויי מענשען מעגען שרייבען: דער וואָס האָט פיעל איבערגעלעבט און דער, וואָס האָט זיך איבערגעלעבט.

נאָר איין מענש מעג לעזען — דער וואָס לעזט די בלעטער פון זיין אייגענער נשמה יעדען טאָג.

גלאַט שרייבען, ווי גלאַט לעזען, איז א פערברעכען.

טראַכט א סך און שרייב ווענינ! — דאָס איז פּאַמפּאַדור'ס עצה צום שרייבער.

לעז וועניג און טראַכט א סך! — דאָס איז פּאַמפּאַדור'ס בעפעהל צום לעזער.

שרייבער! נעהמט די פעדער אין האַנד נאָר דאַן, ווען איהר קענט שוין מעהר ניט פערטראָגען די רייכקייט פון אייער נשמה, ווען איהר האָט גענוג אוצרות צום צוטיילען.

אָבער צו וואָס שרייבען בלויז פון אָרימקייט?

לעזער! נעהמט נאָר דאַן א בוך אין האַנד, ווען איהר קענט שוין אליין ניט דענקען, אָבער צו וואָס לעזען פון לאַנגווייליג־קייט?

וואָס איז גאָט'ס וואָרט? — פרעגט פּאַמפּאַדור.

גאָט'ס וואָרט — ענטפערט פּאַמפּאַדור — איז דאָס ניט בעצאַהלטע, דאָס אומזיסטע געשענקטע.

פּאַמפּאַדור קען ניט פערטראָגען נביאים, וואָס מאַכען א לעבען.

שרייבען פאַר געלד — איז דאָס זעלבע ווי ארויספיהרען יעדען טאָג אייער געליעבטע אויפ'ן מארק און פערקויפען זי פאַר א פרייז.

שרייבען פאַר געלד — איז דאָס זעלבע ווי פערקויפען פונ־מען בלוט פאַר דאָלארס.

שענקט אייער בלוט, ווען איהר האָט איהם צופיעל, אויב פאַר אייך איז וויכטיג צו ראַטעווען עמיצענס לעבען — אָבער נעהמט קיינמאָל דערפאַר קיין געלד.

תלמידים מיינע! שרייבט אויך ניט אין שטאָדט פאַר די שטאָדטישע לעזער.

א שטאָדטישער לעזער — וויל, אז דער שרייבער זאָל איהם אמוזירען און א לעזער דאַרף מען ניט אמוזירען — נאָר פייניגען.

גאָט מיינער! ווי מיאוס מיר איז דאָס שרייבען אין שטאָדט.

פּאַמפּאַדור וויל שרייבען, ערגעץ זיצענדיג אויף א שטיין.

פּאַמפּאַדור וויל שרייבען צופוסענס פון א גיגאַנטישען בארג.

נאָר מאַלע וואָס פּאַמפּאַדור וויל!

אזוי האָט גערעדט פּאַמפּאַדור. אין יענער צייט איז ער גע־ווען פערזאָרגט צו שרייבען יעדען טאָג.

נאָכמאָל וועגען איינס און א סך.

תלמידים מיינע, כאָטש איך בין איינער און איהר זייט א סך, וויל איך מיט אייך רעדען פון א י י נ ס, און רעדען א סך.

שוין בעסער זיין א נול ווי אַן איינס, סיידען דער איינס, איז איין מיליאָן...

איינס איז דער פאָטער פון „מיין", דער מיקראָב פון פריי־

וואס־איינגענטהום, די מאסקע אויפ׳ן רויבער־פנים, דער פאנצער פון מיאוס׳ן עגאאיזמוס...

מ י י ן ה ו י ז — הייסט, זיין א הויז־בעזיצער; מ י י ן פ א ב ר י ק — הייסט, זיין אן אויסבויטער; מ י י ן פ א ל ק — הייסט, ווערען א שאוויניסט; מ י י ן ו ו י י ב — הייסט, ניט אנערקענען קיין קווארטיראנטען.

די, וואס האבען פ י ע ל צום אויסוואהל, האבען מעהר צו פערלירען, און דארום זיינען זיי אויך די גליקליכסטע.

ליעבט ניט א י י ן פרוי, נאר ליעבט א סך פרויען און איהר וועט האבען די ליעבע פון יעדער איינער, אזוי רופט די ערפאהרונג.

אבשטעלען זיך ביי איין פרוי, הייסט, לעגען די ליעבע אויפ׳ן טהרה־ברעט.

איין מאל ליעבען, הייסט, אייביג ליעבען — און אייביגע ליעבע האבען אויסגעטראכט מיאוס׳ע מיידלאך און שלים־מזל־דיגע בחורים.

ווייל מיר האבען היינט אן א י י ן פ ר ו י ס י ס ט ע ם, דארום האבען מיר אזוי פיעל אנטלאפענע מענער.

ליעבען איין פרוי, הייסט, אויסערוועהלען זי פון א סך, און אלץ וואס איז אויסערוועהלט, מוז זיין אויף צרות.

אידישעס פאלק, זאג, ביזטו ניט אויסערוועהלט?

די געצען־דיענער זיינען געווען פיעל גליקליכער ווי די איין־גאט דיענער: האט זיי איין גאט אבגענארט — האבען זיי פראטעס־טירט צו א צווייטען.

גלויבט ניט אין איין גאט!

גלויבען אין איין גאט, הייסט, זיין אן אכזר אויף זיך און אויף יענעם; הייסט, שרייען, אז נאר מ י י ן גאט איז דער ריכטי־גער; הייסט, בויען א מזבח פאר דעם גרעסטען פון אלע געטער: דעם גאט פון פאנאטיזמוס.

געבענשט זאל זיין דער דיענער פון אלץ, דער פערהייליגער פון א סך, דער פיעל־ווייבערניק. ער איז דער שעפפער פון כל־

בו׳ניק — און דער כל־בו׳ניק איז די פעהיגסטע חיה אין דעם מענ־שען־מין.

א הויז בויט מען פון ציגעל, האָלץ, צעמענט און אייזען. פון צעמענט אליין קען נאָך אפילו עדיסאָן א הויז ניט שאפען.

ווארפט זיך אהין און אהער, זייט א פיעל־זייטיגער, ווי די גרויסע וועלט אונזערע, וועלכע האָט פיער זייטען: מזרח, מערב, דרום און צפון...

מיט מזרח אליין קען די וועלט ניט אויסקומען, כאָטש פון דאָרטען שיינט אימער די זון ארויס...

איינס — איז סכנה!

א היינטיגער קעניג קען אמאָל בלייבען אהן א שטוהל־פער־טרעטער, ווייל ער האָט בלויז איין געזעצליכע פרוי.

מיט שלמה המלך האָט דאָס ניט געקענט פאסירען...

זיין אן איינצעלנער אין דער געזעלשאפט, הייסט, געהן ג ע־ג ע ן דער געזעלשאפט און דאָס הייסט, ווערען א זעלבסטמער־דער.

אליין געהן איז בלויז נויטיג, ווען דער וועג איז א שמאָל ברעטעל, איבער א טיעפער בלאָטע.

אבער דאָס לעבען איז צו ברייט פאר דעם אליין־געהער.

געהט ניט אליין, פערמישט זיך אין דער מאַסע און מ׳וועט ניט ארויסזעהן אייערע פעהלערען.

עס מאכט ניט אויס, אויב איהר קענט קיין א י י ן זאך ניט, אבי איהר קענט אלעס.

ווילט איהר מאכען א לעבען? — מוזט איהר אלעס קענען.

מוזט איהר פייפען, הודזשען, זינגען, טאַנצען, שרייבען, מע־סען, שמעקען, לעקען און קריכען אויף די גלייכע ווענט.

אויב איהר זייט א גוטער דיכטער איז ווייניג, איהר מוזט נאָך דערצו זיין א דעקלאַמאַטאָר — א פּאָיאַץ.

אויב איהר זייט א קינסטלער איז ווייניג, איהר מוזט נאָך דערצו זיין א גוטער געשעפטסמאַן.

תלמידים מיינע, איין זאך קען זיך קיינמאָל ניט בעצאָהלען!

ארבייט פאר א סך: א סך אינסטיטוציעס, א סך צייטונ־גען, א סך אידעאלען...

דער סך איז די העבאם פון דער דומהייט, און די דומהייט איז די ערציהעריןפון דער מאסע און נאר די מאסע איז א גליק־ליבע...

איין צאהן אין מויל איז א קללה, איין הארץ איז אן אומ־גליק: פראקטישע מענשען מאכען פון זייער הארץ א סך הערצער, א סך הערצלאך, און זיי פיהלען וועניגער.

דאס איינציגע, וואס גאט האט גוט געטהאן מיט'ן איינס, איז דאס, וואס ער האט בעשאפען איין מויל ביי דעם מענשען — ווארים, שטעלט זיך נאר פאר וואס פון אונזערע מענער וואלט געווארען ווען אונזערע ווייבער האבען צו צוויי מיילער...

איינס — הייסט, האבען איין פנים, און ווען מען האט איין פנים מוז מען זיך שעהמען, און דארום איז גלייכער זיין א פיעל־פנים'דיגער...

זייט אלעם פאר אלעמען און גארנישט פאר קיינעם!
דאס איז דער וואונש פון דעם צוקונפטס־מענש.
אזוי האט גערעדט פאמפאדור.

וועגען שווימען און באדען זיך.

תלמידים מיינע, האט איהר זיך שוין געבאדען? זעצט אייך אויס דא ארום מיין קאפע־טישעל און זאל אייך דוכטען, אז עס איז א ברעג פון קוני־איילאנד און איך וועל מיט אייך ריידען וועגען שווימען און באדען זיך.

תלמידים מיינע! ווילט איהר זיין גליקליך אין לעבען, פערלאזט ניט דעם ברעג.

ניט פערלאזען דעם ברעג — הייסט מאכען פון לעבען א ספעקטאקעל, הייסט ליגען אין ווייכען זאמד און שמייכלען צו די

כוואליעס. מיינט זיין א קינד און שפּיעלען זיך מיט זאמד; מיינט בויען געביידען פונ'ם זאמד.

און גלויבט פּאַמפּאַדור'ן, אַז די קינדערשע זאַמד־הייזער זיי־נען זיכערער ווי די שטאַרקסטע שיפען אויפ'ן ים.

תלמידים מיינע, אַנטלויפט פון ים!

ים — דאָס איז דער גיט־געמאָסטענער אַבגרונד, דאָס לאַכען אין פּנים דער זיכערהייט, דער שפּיעל פון לעבען און טויט...

— ים — דאָס איז דער ווילדער צאַפּלען זיך פון דער טיע־פער נשמה, דער וועה פון דער שעהנקייטס־זוכענדער זעעלע, וואָס קען ניט געפינען קיין רוה אין די ברייטסטע ברייטקייטען.

תלמידים! מאַכט ניט פון אייער לעבען קיין ים.

דאָס לעבען איז פאַר אייניגע א רוהיגעס טייכעל; פאַר ווע־ניגע — א וואַרימע וואַנע; פאַר פיעלע — א געמייזאַכץ; אָבער גאָר פאַר געצעהלטע — א ים.

און א שטימע פון א געטרייער בעל־הבית'טע רופט צו אייך: קינדער! ווילט איהר זיין צופריעדען? מאַכט פון אייער לעבען א וואַרימע וואַנע און ניט מעהר!

אַנטלויפט פון ים!

ס'איז פיעל זיכערער זיך צו וויעגען אין א וויעג־שטוהל, איי־דער אויף די כוואליעס פון ברייטע וואַסער'ן.

נאָר טאָמער איז אייך בעשערט זיך צו באָדען אין ים, טאָ פּאָלגט פּאַמפּאַדור'ן און האַלט זיך ביים ברעג, לאָזט אייער פוס אַנטאַפּען דעם גרונד.

האַלטען זיך ביים ברעג — דאָס איז זיכערהייט פאַר אייער הויט. דאָס הייסט — זיין בעל הבית, האָבען א זיכערע היים, א געגרייטען טיש און אַן אויסגעבעטעט בעט.

אָבער אין קיין פאַל, תלמידים מיינע, שווימט ניט!

שווימען — דאָס מיינט סכנה, געהן געגען שטראָם, האָבען אַן אייגענע מיינונג.

שווימען — דאָס הייסט קומען אין קאַמפּף מיט'ן ווינט.

און קעמפּפען מיט'ן ווינט — דאָס איז היץ־קעפּיגקייט, אי־דעאַליזם און הונגער.

תלמידים מיינע, שווימט ניט אפילו פאר א פרייז!

דער עולם פון ברעג בעוואונדערט טאקע די כוואליעס־בעד קעמפפער, די קלאפטער־לענגער, די אקטיארען פון וואסער...

דער עולם פון ברעג האט ליעב א ספעקטאקעל פון פרעמדער סכנה; דער עולם פון ברעג האט ליעב די נאראנים וואס שטעלען איין דאס לעבען און ווערען דערטרונקען.

אבער עס בעצאהלט זיך ניט...

און פאמפאדור האט אראפגעלאזט דעם קאפ, זיך פערטראכט און ווידער געזאגט:

אויב, תלמידים מיינע, אייך איז שוין בעשערט זיין פון די שווימער — טא שווימט נאר אויבערפלעכליך.

אין קיין פאל לאזט זיך ניט ארונטער אונטער׳ן וואסער. פערטיעפט זיך ניט אפילו אין דעם ים פון אייערע אייגענע ליי־דען.

פלאכהייט בעצאהלט זיך!

טיעפע זאכען האט קיינער ניט ליעב.

ס׳לעבע די אויבערפלעכע! — רופט די פוסטקעפיגקייט.

פון אייביג אן אנערקענט דער מענש ט י ע פ ע ק ע ש ע־נ ע ס מעהר פון ט י ע פ ע נשמות.

שווימט נאר פון אויבען אויף, לייכט, לייכט; ריהרט אן און ריהרט ניט אן דאס וואסער, און איהר וועט האבען ערפאלג.

פאטשט ניט קיין כוואליעס — דאס איז סאטירע, און צו וואס טויג אייך מאכען שונאים?

אזוי האט גערעדט פאמפאדור, און איז אוועק נעהמען א וואנע.

## אַ לויב־געזאַנג צום ווינט.

תּלמידים! פּאַמפּאַרדור האָט ליעב דעם ווינט און פערגע־טערט דעם שטורעם־ווינט.

דער ווינט, איז דאָס לעבעדיגסטע וועזען אויף דער ערד, איהר פרייעסטער בירגער.

דער ווינט, האָט ניט קיין פאָטערלאַנד און ווייס ניט פון פאַטריאָטיזם.

דער ווינט, ער איז דער באמת גרעסטער אינדיווידואַליסט פון דער וועלט.

דער ווינט — ער איז דער פרייעסטער געדאנק פון דער נאַ־טור, איהר אונבעשרענקטער ווילען, איהר ניט רעדאַקטירטע ווערק.

דער ווינט — דאָס איז די גרעסטע ליריק פון דער ברייטסטער נשמה...

דער ווינט, ער איז דער טאַטע פון קינדער־שרעק, פון שדים וואָס פייפען. פון ניט־גוטע וואָס טראָגען זיך, און דרעהען זיך אין דער לופטען.

און שרעק מאכט דעם לעבען שעהן, גיט איהם אַ קינדער־שען חן.

און פּאַמפּאַדור האָט אַ ווייל׳ע געשוויגען און נאָכדעם ווייטער גערעדט:

ווינט — דאָס איז — פּראָטעסט. דאָס איז — נידער מיט דער טראַדיציע, דאָס איז — ארונטער מיט אַלע צופּויל׳טע דע־כער!

ווינט — דאָס איז דער אַפּראמער פון שימעל, דער פערניכ־טער פון צופּוילטקייט. און דער אויפטרייסלער פון פערגליווערט־קייט.

פּאַמפּאַדור האָט פיינט די שטיל׳ע זעפיר ווינטלאך, וואָס קרייזלען די פאות.

פּאָמפּאַדור האָט ניט ליעב די זיידענע ווינטלעך וואָס גלעטען פּעטע באַקען פון שמאַלציגע פרויען זומער אין די בערג.

שטילע ווינטעלעך זיינען שמייכלער, און שמייכלעריי האַסט פּאָמפּאַדור, אין וואָס פאַר אַ געשטאַלט דאָס זאָל ניט קומען, צי אין פאָרם פון אַ לעק־קריטיק, אַ חניפה־רעדע, צי אין פאָרם פון אַ שטיל ווינטעל וואָס גלעט.

פּאָמפּאַדור האָט פיינט אַ מענשען, ווי ער האָט פיינט אַ פער־שלאָפענעם טייך, וואָס פיהלט ניט דעם ווינט׳ס האנד אויף זיין פּנים.

דער אמת׳ער טייך איז ערשט דער וואָס ווערט געכוואַליעט פון ווינט.

אַ טייך וואָס איז רוהיג — איז ניט טיעף, קען איהם אַ קינד אַריבערגעהן אַ באָרוועסער. אַ טייך וואָס הויבט זיך אין שטורעם איז טיעף און גרונדלאָז.

און טיעפקייט — איז ליידען, און ליידען זיינען דערהויבונגען פון דער נשמה.

פּאָמפּאַדור איז פערליעבט אין די צאַרענדיגע שטורעם־ווינ־טען, וואָס רייסען אויס הונדערטיעהריגע בוימער מיט׳ן וואָרצעל, ברעכען איבער מאַסט־בוימער, רייסען איבער די שטאַרקסטע שטריק און זינגען אין די אויערען פון די קינדער פון פרייען ים — די מאַטראָזען.

פּאָמפּאַדור האָט ליעב דעם ווינט, וואָס רייסט די לאָדען פון פענסטער, ווען פּאָמפּאַדור זיצט ביי זיך אין צימער און רייסט אַרונטער די מאַסקעס פון פאַלשע געטער — דאַן פיהלט זיך פּאָמ־פּאַדור ניט איינזאַם, ער ווייסט אז הינטער׳ן פענסטער דאָרט שטעהט אַ חבר, וואָס פיהלט איהם מיט. דאַן בעגרייפט ער, אז ער האָט רעכט, אז די נאַטור הייסט אַזוי...

פּאָמפּאַדור האָט ליעב דעם ווינט וואָס קלאַפּט אין די שויבען שפּעט ביי נאַכט, ווען פּאָמפּאַדור זיצט מיט זיין געליעבטער. דאָס מאַכט זיין געליעבטער זיך פעסטער טוליען צו זיין ברוסט.

און אפילו ווען דער שטורעם־ווינט צוקלאַגט זיך אַזוי שטאַרק און וועקט איהם אויף אין מיטען נאַכט — אַרט עס אויך ניט פּאָמפּאַדור׳ן.

ער בעגרייפט אויף דעם ווינט, דעם וועקער אהן א ציעל, דעם וואך־מאן אהן א טענדענץ, דעם שלאף־רויבער אהן א פאר וואס און פאר ווען...

און ווען דער צפון־ווינט מאכט פרירען יעדען גליעד, און קיה־לען יעדען אטהעם — אויך דאן לאכט פאמפאדור.

דער צפון־ווינד איז ביי פאמפאדור'ן דער שטארקסטער סא־טיריקער און קאלט־בלוטיגסטער וועלט־אויפטרייסלער. און סא־טירע האט פאמפאדור זעהר ליעב.

און פאמפאדור האט זיך פערקוקט ערגעץ ווייט, ווייט און ווייטער גערעדט:

תלמידים, אבער אם ליעבסטען איז פאמפאדור'ן דער שטורם־ווינט אויפ'ן ים.

א שטורעם אויפ'ן ים — איז דער בעסטער עדות, אז אין לע־בען איז גאר נישט ניט פעסט, אז אונזער גאנצע זיכערהייט האט קיין יסוד ניט.

פאמפאדור האט אויך ליעב דעם ווינט פאר זיין גלייכגיל־טיגקייט צו אלעם, פאר זיין אונ'ברחמנות'דיגער בעציהונג צו מענש און חיה, ווי צו האלץ און שטיין, פאר זיין ניט אכטען אויף קרבנות, פאר זיין שטאלצען געהן אויפ'ן וועג וואס ער האט אויסגעקליבען.

אזוי האט גערעדט פאמפאדור.

### וועגען ציעל און צוועק.

און ס'איז געווען אין די ערשטע טעג פון פריהלינג און פאמ־פאדור האט אויפגעהויבען זיין קאפ צו דער זון און האט אזוי געזאגט:

תלמידים מיינע! אויב פאמפאדור האט ליעב דעם פריהלינג, איז דאס נאר דערפאר ווייל ער איז ציעללאז ווי פאמפאדור.

און פאמפאדור טרוימט פון א וועלט פון בלויז ציעללאזיגקייט.

זיין אהן א ציעל — דאס הייסט ביי פאמפאדור׳ן — טרוי־מען אהן א שיעור אהן א צוועק, אהן א גרענעץ און אהן א מאס.

זיין אהן א ציעל — הייסט ביי פאמפאדור׳ן צו שאפען אויף דער ערד אן אויביגען פריהלינג...

פאמפאדור האט ליעב דעם הימעל אום פריהלינג, ווייל ער הענגט גלאט אזוי זיך...

פאמפאדור האט ליעב די זון אום פריהלינג, ווייל זי לייכט סתם אזוי זיך און ארבייט ניט פאר קיינע סאדא־וואסער געשעפ־טען ווי אין זומער.

פריהלינג — דאס איז דער נאטור׳ס ניט געדרוקט ליעד, ניט פערקויפטע פאעמא, ניט געקאלומטע סקיצע...

פריהלינג — דאס איז דער וואונק צו אייביגער ארבייטסלאָ־זיגקייט און פוילקייט אויף דער וועלט.

פריהלינג — דאס איז דער פרייער קוש פון דער נאטור אהן מחותנים, עדות, און חתונה רינגלאך...

פריהלינג — דאס איז לעבען און בלאנדזשען, בלאנדזשען און טרוימען, טרוימען און וועבען אהן ציועקען און אהן תכלתים...

תלמידים! פריהלינג — דאס איז דער נאטור׳ס „פרייע ליעבע" מיט הימעל, ערד און מענשען. אנשטאט וואס אסיען — איז דער סימוואל פון הייראט, פפליכט און „היים".

פאמפאדור איז מיט אלע ציעללאזע און צוועקלאזע.

צוועקלאז — איז דער געזאנג פון א נאכטיגאל, דער גלאנץ פון די שטערען, די בלויקייט פון הימעל, דער דופט פון די בלו־מען, דאס שעפטשען פון זילבער קוואל, דאס שרייבען פון אן אנ־פאנגער.

צוועקלאזיגקייט — איז דאס לערנען גלאט אזוי זיך, אום צו זוכען דעם אמת און ניט געפינען...

די שעהנסטע שטונדען זיינען די צוועקלאזע די ניט גערע־כענטע און די ניט ג ע ז י י ג ע ר ט ע.

פאמפאדור האט פיינט דעם ציעל און די ציעל־בעוואוסטע!

ציעל — דאס איז קאריערע, דאס איז אן אפים מיט א ניגער, דאס איז שרייבען מיט א רעדאקטאר...

ציעל — דאס הייסט ווערן פעט און זיין צופריעדן מיט דער פעטקייט.

ציעל — דאס איז א צאם ארום לעבן, ווייטער גיהן טארסטו ניט...

ציעללאזיגקייט — דאס איז א שפרונג איבער׳ן צאם, א קוליע זיך אין דער לופטען ניט אכטענדיג אויף גיפרעסטע קליידער.

ציעללאזיגקייט —דאס איז א וועג א ברייטע, אהן טראמוואי־געלד און אהן קאנדוקטארען, א וועג וואס פיהרט אין אלע עקען אהן א עק.

ציעל — דאס איז א ראמאן מיט אן ענדע. און דער בעסטער ראמאן איז דער ניט געענדיגטער. דעם וואס איהר קענט אליין פ א ר ט ז ע צ ע ן.

תלמידים מיינע, זייט ווי די נאטור! זי, די נאטור, איז ציעללאז אין איהר שלעכטסקייט ווי אין איהר גוטסקייט.

אמת׳ע נאטירליכע שעהנקייט — איז אהן א ציעל, כאטש זי טרעפט אין ציעל.

שעהנקייט מיט ציעל — איז שעהנקייט פון פוידער־קעסטעל, און פארב־פלעשעל... איז שעהנקייט פון פאמאדע...

קומט אהער, איהר ציעלבעוואוסטע, איהר שונאים פון פריהלינג און צוועקלאזיגקייט און איך וועל אייך פרעגען צו וואס לעבט איהר און צו וואס ציעלט איהר אויסער די ציעלען וואס איהר האט שוין אויסגעציעלט!

פאמפאדור׳ס ציעל איז ציעלען ווייטער פון יעדען ציעל...

א, איהר צוועקלאזע און ציעללאזע יאהרען מיינע, לויפט אייך ווי פריהלינג־ווינטלאך אויף קארן פעלדער און ברענגט מיך אלע מאל צו נייע פריהלינגס און נייע זונען...

אזוי האט גערעדט פאמפאדור.


HAUPTMANN
מיט ווייב און קינד אין טוהאל

## וועגען וויעגען און וועקען.

און די תלמידים זיינען איינמאל געקומען צום פּאַמפּאדור'ן און איהם געפונען וויעגענדיג דאָס וויעגעלע, אין וועלכער, עס איז געלעגען זיין מינדעריעהריגעס קינד.

און די תלמידים האָבען אלע אין איין קול אויסגערופען: זעהט נאָר, זעהט, פּאַמפּאדור וויעגט נאָר קינדער! פּאַמפּאדור אין דער ראָלע פון א ניאנקע! ווי קומט אזא זאך צו פּאַמפּאדור'ן? ווי פּאסט עס איהם גאָר?

און פּאַמפּאדור האָט אָפּגעמאָסטען זיינע תלמידים מיט זיין שאַרפען בליק, האָט א שמייכעל געטהאָן און ניט אויפהערענדיג וויעגען, האָט ער אזוי געזאָגט:

תלמידים! פּאַמפּאדור האלט זעהר פון וויעגען.

וויעגען — איז די העכסטע פילאָזאָפיע פון אלע לעבען'ס פי־לאָזאָפיען.

אלע לעבען'ס פילאָזאָפיען צוטומלען, רעגען אויף און שטעלען ניט צופריעדען. אבער די וויעג־פילאָזאָפיע גיט רוה און שלאָף, און שטעלט כאָטש צופריעדען א זויג־קינד.

אלע לעבען'ס פילאָזאָפיען — זיינען שאָקעלדיג און וואַקעל־דיג אין זייער גרונד. אבער א וויעגעלע איז שאָקעלדיגער פון זיי אלעמען.

די תלמידים מיינען, אז וויעגען איז א קליינינקייט, אבער פּאַמפּאדור ווייס, אז עס איז גאנץ אָפט פיעל לייכטער צו פער־וויעגען דעם אייגענעם געוויסען, ווי פערוויעגען א קינד וואָס שרייט זיך פונאנדער אין מיטען דער נאכט.

ס'איז אַפּט פיעל שווערער צו פּערוויעגען אַ קליינעם שרייער'ל ווי אויפצואוועקען אַ גאַנצע הויז.

ס'איז אין אַלגעמיין שווער צו פּערוויעגען, ווי שווער עס איז צו בערוהיגען.

תלמידים! פּאַמפּאַדור האַלט אַפילו מעהר פון וויעגען און פּערוויעגען ווי פון וועקען.

פּערוויעגען — דאָס הייסט טרייסטען און געבען יענעם רוה. און ניט אַלע קענען עס. אין דער צייט ווען מיר אַלע קענען מאַכען אַ טומעל, וועקען פון שלאָף, און רויבען ביי יענעם די רוה.

פּערוויעגען — דאָס הייסט געבען כאָטש בערוהיגונג פון איין געשריי ביז'ן צווייטען, און וואָס קענען מיר נאָך געבען אונזערע מיטמענשען?!

פּערוויעגען דאָס איז שטילע שעפּפונג־אַרבייט, דאָרום ריינע קונסט.

וועקען איז אין בעסטען פאַל, פּראָפּאַגאַנדאַ, טענדענציעזע אַרבייט — און דאָס הייסט ווייט פון קונסט.

פּערוויעגען — דאָס איז די לעהרע פון בודדאַ. דאָס הייסט קומען צום שעהנסטען זעעלען־צושטאַנד.

פּערוויעגען — הייסט, לאָזען יענעם חלום'ען, זיך איבערגעבען אין די ווייכע אָרעמס פון שלאָף און נאָר אין שלאָף זיינען מיר גליקליך.

וועקען — דאָס הייסט אָנזאָגען וועגען אַ גנבה, אַ שרפה, אַ רציחה.

וועקען — דאָס קען יעדער גאַסען־מענש.

וועקען — דאָס קען אַפילו אַ פּראָסטער וועק־זייגער, אָבער אום צו פּערוויגען דאַרף מען האָבען אַ מענשען.

און פּאַמפּאַדור האָט געשיקט זיין פּערטרוימטען בליק ערגעץ ווייט ווייט און האָט ווייטער גערעדט:

אָרימע תלמידים מיינע! איהר ווייסט גאָר ניט, וואָס פאַר אַ גליק דאָס איז צו פּערוויעגען אַ קינד.

דער אָרימסטער מענש פיהלט זיך דאַן, אז ער קען דאָך עפּעס געבען זיינע מיטמענשען.

און הלואי וואָלט פּאַמפּאַדור געקענט פּערוויעגן א גאַנצע דור מיט ערוואַקסענע. אַ שאַקעל אהער אַ שאַקעל אַהין און די מענשהייט זאָל זיך בערוהיגען. דאָס וואָלט געווען די גרעסטע אויפטהו פון פּאַמפּאַדור'ן.

און מיינט ניט, אז גרויסע און ערוואַקסענע דאַרף מען נ י ט וויעגען — ס'איז א טעות.

פּאַמפּאַדור זאָגט: גרויסע דאַרף מען נאָך מעהר וויעגען ווי קליינע. אוי, גוטיגען זיי זיך גאַנץ אָפט די ערוואַקסענע חכמים אין א וויעגעלע און א פּערוויעגער — נאָר זיי שעהמען זיך און זיי בלייבען אומגליקליך.

און פּאַמפּאַדור האָט אריינגעקוקט אין דער וויעגעלע, וואו ס'איז געלעגען זיין פּערוויעגט קינד און ער האָט פּאַרטגעזעצט:

פריינד מיינע! ווי שעהן איז די קינדער־וויעגעלע!

די קינדער וויעגעלע דאָס איז די איינציגע היים וואָס א מענש האָט אין גאַנצען פאַר זיך אליין אָהן קיין שותפים.

די קינדער וויעגעלע — דאָס איז די איינציגע וועלט'ל וואָס מען פּערלאָזט מיט פרייד און ליעבע.

און נאָך שעהנער איז די וויעג ליעד.

די וויעג ליעד דאָס איז די איינציגע אינטערנאַציאָנאַלע ליעד פון דער גאַנצער מענשהייט. די איינציגע אמת'ע און פערשטענד־ליכע פאַר אַלעמען.

איהר האָלט זעהר פון דער מאַרסיעלעזע — איך ניט. די מאַר־סיעלעזע וועקט צום קלאַסען־קאַמפּף, צו פּערביטערונג — און די וויעג ליעד איז א הימן פאַר פריעדען און רוהיגקייט.

די מאַרסיעלעזע איז א גאַסען־ליעד, וועלכע ווערט פּער־טויבט פון די געקלאַפּעריי פון מענשען־טריט און פערדען־טריט.

די וויעג־ליעד — איז א שטילע היים־ליעד, וועלכע ווערט גע־זונגען אין דער שטילקייט פון שלאָף־צימער.

מוטערס! איהר דאַרפט זיין שטאָלץ, וואָס איהר וויעגט און פּערוויעגט אייערע קינדער!

אזוי האָט גערעדט פּאַמפּאַדור.

און ס׳איז געווען א דריי מאנאטען נאך פאמפאדור׳ס חתונה, און די תלמידים האבען געטראפען פאמפאדור׳ן זיצענדיג א אומעטיגען ביי זיך אין הויז.

אין הויז איז געווען ריין און שעהן, די נייע טהייערע מעבעל האט געשיינט, נאר די פענסטער זיינען געווען פערמאכט און די שטארען אראבגעלאזט.

און די תלמידים האבען זיך געווענדט צו פאמפאדור׳ן ער זאל זיי זאגען זיין מיינונג וועגען פאמיליען־לעבען.

און פאמפאדור האט געענטפערט: געווים וועל איך אייך זאגען. נאר א פריהער מוז איך עפעס בעזארגען.

און פאמפאדור האט זיך געווענדט צו זיין יונגער פרוי און איהר אזוי געזאגט: ליעב ווייב מיינע! געה ארוים אויף א ווײַלע, לאז מיך מיט מיינע תלמידים אליין, ווייל איך וויל איצט רעדען וועגען פאמיליען־לעבען. און די קליינע פרויען אויערען קענען נאך קיין פרייען ווארט וועגען פאמיליען־לעבען ניט אויסהערען, ווייל נאך איז א פרוי ניט דערוואקסען צו דעם...

און ווען די פרוי האט געפאלגט פאמפאדור׳ן און האט מיט א גוטמוטיגען שמייכעל פערלאזען דעם זאל, האט דאן פאמפאדור אזוי געזאגט:

תלמידים! איהר זייט אודאי מקנא פאמפאדור׳ן, וואס ארום איהם פינקעלט אלץ און גלאנצט, וואס א דייטשע רייניקייט רינגעלט איהם ארום און קיין ברעקעלע שטויב איז ניט צו מערקען אויף די מעבעל? — אבער פאמפאדור איז זיך אליין ניט מקנא.

ווען מען וואלט אייער פאמפאדור׳ן איצט געשטעלט צום אויסוואהל: דאס ריינע פאמיליען־לעבען און דאס בחור׳שע שטויב — וואלט ער זיכער אויסגעקליבען דאס לעצטע.

ווייל וואס איז פאמיליען־לעבען? פרעגט פאמפאדור.

פאמיליען־לעבען איז א שטענדיגער היטען זיך פון שטויב וואס קומט פון אויסוועניג, און א אייביגע תפיסה פון אינוועניג.

אנשטאט וואס בחור'שאפט הייסט אפענע פענסטער, לופט און פרייהייט פון אינוועניג ווי פון אויסוועניג.

און פאמפאדור האלט אז בעסער זאל פאלען שטויב ביי אפענע פענסטער, איידער מוסטערהאפטע ריינקייט וואס פאלט צוזאמען מיט פערשטיקטע לונגען.

פאמפאדור האלט זעהר פיעל פון בחור'שאפט.

בחור'שאפט הייסט: לעג זיך וואו דו ווילסט און זעץ זיך ווי דו ווילסט, יעדע פאזע איז ווילקאמען!

פאמיליען־לעבען הייסט: פערקויפען זיך פאר א שקלאף צו א פיין געשניצטען טיש און שטוהל.

בחור'שאפט הייסט: לעבען פאר זיך אין איין צימער מיט איין פענסטער און איין טהיר.

פאמיליען־לעבען הייסט: האבען א סך צימערען — פאר מעבעל... א סך טהירען און קיין פרייער ארויסגאנג.

בחור'שאפט הייסט: א טיש א פערלעגטער מיט ביכער, א בעדעקטער מיט שטויב, א טינטער פול מיט שפינוועבס, א שטוהל אפט א צובראכענער — אבער דאך א ריינער קאפ צום שאפען.

פאמיליען־לעבען הייסט: א זויבערער טיש, א ווייכער שטוהל — אבער א פערטשאדעטער קאפ.

וואס איז די נשמה פון פאמיליען־לעבען? פרעגט פאמפאדור.

און פאמפאדור ענטפערט:

די נשמה פון פאמיליען־לעבען איז א האז, וואס ציטערט אפ א גאנצען לעבען לאנג.

מען ציטערט דאס ווייב זאל נים אנטלויפען מיט א יונגערן פון איך, א שעהנערען פון איך און אפט א מיאוס'ערען פון איך; מען ציטערט מען זאל נים האבען צופיעל קינדער; מען ציטערט איבער די שוין געהאטע קינדער; מען ציטערט איבער דער הכנסה, מען ציטערט איבער דער הוצאה, און דער

עיקר, מען האלט אין איין ציטערען איבער די נייע מעבעל, קיין שטויב זאל זיי ניט אויפעסען.

וואס איז א גוטע בעל־הבית'טע? פרעגט פאמפאדור.

און פאמפאדור ענטפערט:

א גוטע בעל־הבית'טע איז ניט די וואס היט דעם מאן, נאר וואס היט די מעבעל.

וואס איז א גוט ווייב? פרעגט פאמפאדור.

און פאמפאדור ענטפערט:

א גוט ווייב איז ניט די וואס היט דעם מאן'ס נשמה זאל ניט פערוועלקען, נאר די וואס היט זיין האלז פון פערקיהלונג, און די הויז, פון בערג מיט שטויב וואס פאלען.

און פאמפאדור האט זיך א ווײַלע פערטראכט און נאכדעם ווייטער גערעדט:

תלמידים! איילט זיך ניט אריין אין שפאן פון דעם פאמי־ליען־וואגען! און אויב איהר טהוט עס שוין יע, וואוינט אין איין צימער, און קויפט ניט קיין מעבעל. און אויב איהר קויפט שוין יע מעבעל — היט זיי ניט פון שטויב.

תלמידים! האלט אפען די פענסטער פון אייערע צימערן אויב איהר ווילט האלטען פון פאמיליען לעבען!

אזוי האט גערעדט פאמפאדור.

###### וועגען טאג און נאכט.

און ווידער איז געקומען דער אסיען, און ווידער זיינען לענגער געווארען די נעכט. און פאמפאדור איז ווידער בעגייסטערט געווארען פאר דער נאכט, און ער האט אזוי געזאגט:

תלמידים! פון אלע מיינע ליעבסטע ביי דער נאכט — ליעב איך אם שטארקסטען די נאכט אליין.

נאכט — איז ליעבע־פליסטער, רוה און שטילע תפלה.

טאָג — איז קנאה־שנאה, הו־הא און קללות.

נאַכט — איז הכנסה.

טאָג — איז הוצאה.

די כחות וואָס מיר קלייבען אָן דורך די נעכט, פערשווענדען מיר דורך די טעג. און צו וואָס פערשווענדען אומזיסט?

נאַכט — איז דער טייטש: חלום ווי אַ קינד!

טאָג — מיינט: בעטריעג ווי אַ גרויסער!

נאַכט — איז די ערפינדערין פון דעם בעט. און דאָס בעט איז די געבורטה און ווידער־געבורטה פון דעם מענשען.

נאַכט — איז צוגלייך מיט דער ליעבע, וועלכער זי דיענט אַם טרייעסטען. די איינציגע בעזיצערין פון צויבער און סודות — דע־רום איז די נאַכט אזוי טיעף ווי די ליעבע.

גרויס איז דער כח פון דער נאַכט!

איבער נאַכט וואַקסט אַ מענש אויס און ווערט רייף.

איבער'ן טאָג ווערט ער אָפט  ק ל ע נ ע ר...

איבער נאַכט ווערט אַ מענש אפילו גראָה. איבער'ן טאָג, ווערט ער בלויז פערשוואַרצט.

און רעספּעקט פאַר גראָהקייט! ווייל גראָהקייט מיינט — שטאַרק דורכלעבען. און נאָר אין שטאַרקע דורכלעבענישען, בע־שטעהט דאָס לעבען.

איבער נאַכט פערליערט אַ מענש אַ גלויבען און געפינט אַ נייעם. איבער'ן טאָג פערליערט אַ מענש אַ פּעקעל אין טראַמוואַי...

פריינד מיינע! בעזינגט מיט מיר צוזאַמען די נאַכט, ווייל אויב מיר זיינען נאָר ניט קיין פערקויפטע שומרים, געהערט די נאַכט צו אונז און דער טאָג איז ניט אונזערער.

אין דעם ליכט פון טאָג זיינען מיר פערקויפטע צו שקלאַפּען־טרייבער, זיצען מיר און אַרבייטען פאַר פרעמדע.

אָבער די נאַכט — ברענגט אונז אַ היים. מעג די היים אפילו זיין ניט מעהר ווי אַ פּלאַץ פאַר אַ צובראָכען בעט.

טאָג — איז זון. און זון בעדייט: מענש, שעהם זיך! און שעה־מען זיך איז די ווייכסטע קישעלע פאַר מאָוס'ע מעשים.

נאַכט — הייסט אַראָפּוואַרפען פון זיך די בושה צוזאַמען מיט

די קליידער. און נאָר ווען מיר זיינען נאַקעט, הויבען מיר אָן באמת פערשטעהן דעם זינן פון זינד און ליעבע.

טאָג — איז אויך קנעכטשאַפט צו דער געזעלשאַפטליכער מיינונג, שקלאַפעריי צו דעם וואָס יענער וועט זאָגען.

נאכט — איז רעספעקט פאר זיך אליין און רעספעקט פאר זיך אליין, מיינט זעלבסטשטענדיג דענקען.

און פּאָמפּאַדור איז אַלץ מעהר און מעהר בעגייסטערט געוואָרען און ער האָט אויסגערופען:

ליעבהאָבער פון דער נאַכט! רופט מיט פּאָמפּאַדור'ן צוזאַמען: געבענשט זאָלען זיין די לאַנגע נעכט! ווייל וואָס לענגער די נעכט, אַלץ מעהר הייסט עס לעבען פאר זיך און מיט זיך...

און צוזאַמען מיט פּאָמפּאַדור'ן רופט אויך: געבענשט זאָלען זיין די קורצע ווינטער־טעג, ווייל זיי ברענגען אונז שנעלער צו דער נאַכט!

און פּאָמפּאַדור האָט זיך פערטראַכט אַ ווײַלע און ווייטער גערעדט:

תלמידים! ווי גוט עס איז אומצואוואַנדערען איבער די גאַסען ביי־נאַכט! ווייל ערשט ביי־נאַכט, ווען די פינסטערניש בעדעקט אַלעס, דערזעהט דער מענש אַ גרויס ליכט פאר די אויגען.

פּאָמפּאַדור האָט ליעב ארומצובלאָנדזשען אין די לאַנגע נעכט איבער די שמאָלע גאַסען. דאָן ערשט געפינט ער זיין „איך" וואָס ער האָט פערלאָרען ביי־טאָג.

ביי נאַכט האָט אפילו די גרעסטע שטאָדט אַ פּנים פון אַ דאָרף.

און אַ שטענדיגער דאָרף פאר דעם מענשען — דאָס איז דער מיזיניק־טרוים פון פּאָמפּאַדור'ן.

פּאָמפּאַדור האָט אפילו ליעב די נאַכט־וואַנדלער, אַלץ זיינען זיי אונשעדליכער ווי די טאָג־הענדלער.

און פּאָמפּאַדור'ן אַרען אויך ניט די אָפענע גנבות און רציחות, וואָס ווערען בעגאַנגען אין די פעך־שוואַרצע נעכט.

אַלץ קלענער זיינען זיי פון די גנבות און רציחות, וואָס ווערען בעגאַנגען אונטער דעם ליכטיגען פּנים פון דער זון.

און פּאַמפּאַדור האָט דערזעהען די לבנה וואָס געהט אויף אין הימעל און ער האָט געזאָגט:

תלמידים! און אַם ליעבסטען זיינען מיר די נעכט אָהן שטערען און אָהן לבנה.

שטערען — דאָס זיינען נאַרישע אַמביציעזע קינדער, וואָס רייסען זיך אַראָפּצוגליטשען פון די הימלען אויף דער ערד, און ווי קען מען זיי ליעבען, ווען זיי פערבייטען ערד אויף הימעל?

לבנה — דאָס איז די נאָכקרימערין פון דער זון. זי וויל לייכטען ווי יענע און קען ניט. און איך האָב פיינט נאָכקרימער, און דערהויפּט די וואָס קענען ניט.

דארום זאָג איך: אַ נאַכט אָהן שטערען און לבנה, איז ערשט די אמת'ע נאַכט!

און פּאַמפּאַדור האָט זיך פערקוקט ערגעץ ווייט־ווייט און ער האָט געזאָגט:

גליק — דאָס איז אַ נאַכט־שאָטען.

דער אוצר — דאָס איז דער סוד פון דער נאַכט.

נאַכט! דו ביזט מיר ליעב, ווייל אויף דיין נאָמען רופט זיך ניט קיין אידישע צייטונג.

נאַכט! לאָז זיך אַראָפּ אויף מיינע פּלייצעס! בעדעק מיין קאָפּ מיט דיין שווארצען טוך! שליס מיר מיינע אויגען און זאָל איך מיינען, אז איך בין גליקליך.

ווייל נאָר מיט צוגעמאַכטע אויגען זעהען מיר דעם אנגעזיכט פון גליק...

אזוי האָט גערעדט פּאַמפּאַדור.

**ווענען צוגרייטען זיך.**

תלמידים! איך בין פאר צוגרייטען זיך.

זיין צוגעגרייט איז נויטיג פאר א גאַנץ פאָלק, ווי פאר א י י ן מענשען.

פּאַמפּאַדור האָט פֿיינט די יעניגע מענשען, וואָס מען האָט זיי פּלוצלינג, ניט צוגעגרייטערהייט.

פּאַמפּאַדור האָט פֿיינט די פֿעלקער, וועלכע מען קען איבער־ראַשען מיט אַ פּלוצליכען איבערפֿאַל.

ניט צוגרייטען זיך — איז אַ פֿוילער תּירוץ פֿאַר שוואַכקייט און פֿערפֿוילטקייט.

איך בין ניט צוגעגרייט — איז אַ קינדערשער פֿערענטפֿע־רונג, פֿאַר אַ מענשען ווי פֿאַר אַ לאַנד, וואָס כאַפּט קלעפּ און האָט ניט קיין כח צוריק צוגעבען.:

און תּירוצים האָט פּאַמפּאַדור שרעקליך ניט ליעב.

אַ מענש, ווי אַ גאַנץ פֿאָלק, מוז קענען ע נ ט פֿ ע ר ע ן גלייך, אָבער ניט געבען קיין תּירוצים שפּעטער.

אַ געזונטער מענש ווי אַ געזונט פֿאָלק, מוז אימער זיין גרייט צו כאַפּען פֿעטש און דערהויפּט צו דערלאַנגען.

נאָר בלוטלאָזע מענשען און נאָר פֿאַנטאָפֿעל־פֿעלקער פֿרעדי־גען געוועהרלאָזיגקייט.

נאָר נאָך דער סאָציאַלע רעוואָלוציע, וועלען מענשען און פֿעל־קער זיך קענען פֿערגינען צו זיין שוואַך, ווי פֿליעגען און הילפֿלאָזע ווי ערשט געבוירענע קינדער...

און פּאַמפּאַדור האָט מעהר גאָר ניט געוואָלט זאָגען וועגען צוגרייטען זיך. נאָר די תּלמידים האָבען זיך ניט בענוגענט, און איהם געבעטען ער זאָל פֿאַרטזעצען.

און פּאַמפּאַדור האָט אַ שמייכעל געטהאָן און געזאָגט:

איבערגעשראָקענע תּלמידים מיינע! נאַריש זיינען די וואָס זאָגען, אַז אַמעריקאַ דאַרף זיין געגען צוגרייטען זיך.

גראַד אַמעריקאַ, דאָס קלאַסישע לאַנד, פֿון „זיי אימער גרייט“, זאָל זיך ניט צוגרייטען?

פֿריינד מיינע, אין קיין לאַנד אין דער וועלט שפּיעלט דאָס „גרייט זיין“, ניט אַזאַ גרויסע ראָלע, ווי אין אַמעריקאַ.

אין אַמעריקאַ מוז מען זיין גרייט צו אַלעס:

געהט איהר אין גאַס — זייט גרייט, אַז אַן אויטאָמאָביל וועט דורכקרייצען אייערע גליעדער.

ליגט איהר אויפ׳ן סאָפע, זייט גרייט, אַז די סטעליע וועט אויף אייך אַראָפּפאַלן.

זיצט איהר אין שאָפּ — זייט גרייט אַז אַ „טרייענגעל־פייער" זאָל אייך אַרומכאַפּען.

קומט איהר אהיים פון דער אַרבייט — זייט גרייט צו געפינען אַן אויסגעליידיגט הויז, און אייער ווייב ערגעץ אין די אָרעמס פון אַ צווייטען.

האָט איהר אַ כּלה — זייט גרייט, אַז עמיצער וועט איהר אונטערטראָגען אַ גרעסערען דימענט־רינג און זי וועט אייך פערלאָזען.

האָט איהר פריינד, זייט גרייט יעדען טאָג, אַז זיי וועלען זיך איבערקלייבען אין אַנדער טהייל פון שטאָט און אַז אייך פערגעסען.

לעזט איהר אפילו אַ שרייבער, און זעהט ווי ער קעמפפט היינט פאַר אַ געוויסען אידעאַל, זייט גרייט, אַז מאָרגען וועט איהר איהם געפינען אין אַן אַנדער לאַגער...

און פּאָמפּאַדור האָט זיך אָפּגעשטעלט אויף אַ ווײַלע און נאָכהער ווייטער גערעדט:

פּאָמפּאַדור איז פאַר צוגרייטען זיך, ווייל ער הערט די שאַרפע שטימע פון לעבען, וואָס רופט הויך און איבערצייגענד: זיי גרייט!

ווייל וואָס איז דאָס גאַנצע לעבען פון אַ מענשען, אויב ניט איין גרויסער וואָרנונגס־געשריי: — מענש, זיי גרייט!

אַ מענש ליגט אין דער מאַמעס בויך, שטיל, רוהיג און פריעדליך, ביז די שטרענגע נאַטור רופט אויס: זיי גרייט, געה אַרויס און קעמפף פאַר זיך אויס אַ פּלאַץ אונטער דער זונן!

אַ מענש לעבט, האָוועט און לעבט און פּלוצלינג שרייט פון ערגעץ אויס אַ קול: זיי גרייט צו געהן!

זיי גרייט! זיי גרייט! זיי גרייט! — דאָס איז דער אינהאַלט פון דער גאַנצער אינהאַלטסלאָזיגקייט וואָס מיר רופען — לעבען.

אַזוי האָט גערעדט פּאָמפּאַדור און האָט מיט שנעלע טריט פערלאָזען זיינע תּלמידים.

וועגען מיידלעך, וואָס ווערען ווייבער און קינדער, וואָס וואַקסען.

פּאָמפּאַדור האָט ווינציג פון רחמנות, דאָך מאַכט ער אַן אויס־נאַהם פאַר צוויי זאַכען.

פּאָמפּאַדור האָט רחמנות אויף מיידלאַך וואָס ווערען ווייבער און אויף קינדער וואָס וואַקסען.

אַ מיידעל — איז טרוים און געזאַנג.

אַ ווייב — איז ווירקליכקייט און ליידען.

אַ מיידעל — איז פריהער פון אַלץ מענש.

אַ ווייב — איז צום אַלעם ערשטען, און צום אַלעם לעצטען בלויז פרוי.

אַ מיידעל איז אַ פערזוך צו זעלבסטשטענדיגקייט, איז דער רעוואָלוציאָנערער גייסט פון דעם מענשען, וואָס וויל זיך בעפריי־ען פון אַלע קייטען.

אַ ווייב — איז די אמת׳ע שקלאַפין פון מאַן און נאַטור.

אַן אידעאַלע מיידעל פון אַלע צייטען — מיינט זעלבסט־קאָנטראָל.

אַן אידעאַלע ווייב פון היינט — קינדער־קאָנטראָל.

און ס׳איז פיעל שעהנער און עסטעטישער זיך זעלבסט צו קאָנטראָלירען ווי צו קאָנטראָלירען די צוקינפטיגע דורות.

אַ מיידעל — איז די פּרינצעסין פון ליעבע.

אַ ווייב — די דיענסט־מויד פון דער ווילדער קעניגין ליידענ־שאַפט.

זיין אַ מיידעל — הייסט ווינקלען זיך אין טרוימען.

זיין אַ ווייב — הייסט וויקלען קינדער.

אַ מיידעל — איז אַ אידעאַל, וועלכע אַלע מענער שטרעבען צו בעזיצען.

אַ ווייב — איז אַ צושטערטער טעמפּעל, וועלכען די מעהרסטע מענער ווילען פאַרלאָזען.

א מיידעל איז א גאָרטען פון בלומען און געזאַנג.
א ווייב — איז א קיך פון טעפּלאַך־געקלאַנג.
א מיידעל'ס טוגענד איז, ווען זי איז אונבעריהרבאַר.
א ווייב'ס טוגענד איז אין איהר צוזאַמען לעבען מיט א מאַן.
און פּאָמפּאַדור אַכטעט די אונבעריהרטע.

איהר וועט זאָגען א פרוי איז דער קוואַל פון מוטערשאַפט?
אבער פּאָמפּאַדור האַלט, אז מוטערשאַפט איז בלויז א ברכה פאַר קימפּעטאָרין־האָספּיטאַלס און אַקושאָר־דאָקטוירים.

פּאָמפּאַדור שטעלט אפילו העכער די עלטערע פערוועלקטע מיידעל פון דער יונגסטער פערהייראַטער פרוי, ווייל זיין אן עלטערע מיידעל, הייסט ארויסגעהן אין קאַמפף מיט נאַטור און מאַן — און יעדער קאַמפף איז שעהן...

און דאָס זעלבע האָט פּאָמפּאַדור רחמנות אויף קינדער וואָס וואַקסען.

קינדער, זאָגט פּאָמפּאַדור, וואָלטען נאָר דאַן געווען גליקליך, ווען זיי וואָלטען געקענט בלייבען שטעהען אויף איין אָרט.

וואַקסען — דאָס הייסט דערנעהנטערען זיך צום אונטערגאַנג פון זונן.

זיין א קינד — הייסט בלייבען ביי די ערשטע שטראַהלען פון פריהמאָרגען.

וואַקסען — הייסט, זיין אונבעהאָלפען. הייסט ארויס אין מאַרק פון לעבען און ווערען פערצווייפעלט.

זיין א קינד — הייסט, ניט ארויס פון די אייגענע וויקעלאַך. הייסט בלייבען שטענדיג אָפּטימיסטיש.

דאָס געבורטה פון א קינד — איז דער טריאומף פונ'ם לעבען.
אבער ווען עס הויבט אן וואַקסען — הויבט אָן טריאומפירען דער טויט.

תלמידים, ווי שעהן וואָלט געווען, ווען קינדער וואָלטען געבליעבען ביי זייער קינדהייט אויף אייביג.

מענשען, זאָגט איהר, ווילען וואַקסען.
אבער איך זאָג:
וואַקסען — איז קאַריערע, און קאַריערע איז דערגרייכונג, און

דערגרייכונג — איז טויט. וואקסען הייסט ווערען אויס קינד און צו וואָס?

פּאַמפּאדור האָט ניט ליעב די ערוואַקסענע, ווייל וואקסען הייסט געהען מיט שנעלע טריט צום פערניכטונג.

איהר וועט זאָגען, אז ניט וואקסען איז געגען פּראָגרעס. אז אלץ וואָס לעבט מוז וואקסען, מוז גרעסער ווערען? אבער פּאַמפּאַ־דור אנערקענט ניט א פּראָגרעס וואָס טרעט אויף ביינער פון מתים: א פּראָגרעס וואָס ארבייט אזוי טריי פאר'ן מלאך המות.

פּאַמפּאדור טראָגט אין הארצען די גרעסטע שנאה צום טויט.

און פּאַמפּאדור האָט זיך פערטראַכט אויף א ווייל און נאָכ־דעם ווידער גערעדט.

מאמעס! איילט זיך ניט ארויסצונעהמען אייערע קינדער פון די וויעגעלאך!

א קינד אין וויעג — איז דער שפּיעל פון די ערוואַקסענע.

און אַן ערוואַקסענער איז דער שפּיעל פון שיקזאַל.

מאמעס! איהר זייט בלינד, ווען איהר ווילט אז אייער קינד זאָל וואָס שנעלער וואקסען און זיך שטעלען אויף זיינע אייגענע פיסלאך!

ווארום פערשטעהט איהר ניט? אז דאָס מענשליכע שטעהען אויף די אייגענע פיס איז ערשט דער אַנפאַנג פון זיין שוואכקייט און הילפלאָזיגקייט.

און אז דאָס, וואָס א קינד מוז געטראָגען ווערען אויף די הענד איז זיין שטענדיגע שטאַרקייט...

אזוי האָט גערעדט פּאַמפּאדור.

א הימן צום ערב יום־טוב.

תלמידים! איהר האָט אודאי ליעב דעם יום טוב, פּאַמפּאדור אבער האָט ליעב דעם ערב יום טוב.

ערב יום טוב — דאָס איז ע ר ש ט דער אמת׳ער יום טוב.

ערב יום טוב — דאָס מיינט, א טרוים וואָס שוועבט אין דער לופטען, א הייליגקייט וואָס ציטערט אין הארצען, א שטרעבען צו עפּעס גרויסעס.

יום טוב מיינט, פערפּוצטע וואָכעדיגקייט; א טרוים וואָס איז געוואָרען א ווירקליכקייט, א גליק וואָס מען צעהלט זיינע גסיסה שטונדען.

ערב יום טוב — דאָס איז חתן־כלה פּעריאָד, דאָס איז קור־שען נאָך ניט פער׳געזעצליכטע, געזאָגנען נאָך ניט אויסגעזונגענע.

יום טוב — דאָס בעדייט: א יאָהר נאָך דער חתונה, א נום א צוקנאָקטער, ווייז אויסגעטרונקענער, א טישטוך א פערפלעקטע.

ערב יום טוב — דאָס בעדייט, מלבושים ביים שניידער, פיש אין פאַן, א ליעבע־בריעף נאָך ניט קיין געלעזענער.

יום טוב — דאָס מיינט, דער געגעץ נאָך׳ן שלאָף, דער גרעבץ נאָכ׳ן זאטען מאָלצייט.

ערב יום טוב — דאָס הייסט, ריינקייט און זויבערקייט, גליק, פרייד און ערוואַרטונג.

און ערוואַרטונג — איז דער פולס פון לעבען.

ערב יום טוב — איז דער טייטש, האָפנונג, שפּאַנונג.

ערב יום טוב — בעדייט, דאָס שורשען פון א זיידען קלייד פון אייער אנקומענדער געליעבטער.

ערב יום טוב — מיינט הארץ־קלאַפּעניש.

ערב יום טוב איז א נסיעה ערגעץ אין א ווייטער לאַנד. דער באהן קלאַפּט און דאָס הארץ מיט איהם, עפּעס אונבעקאַנטעס טראָגט זיך אנטקעגען, עפּעס אונערוואַרטעטעס וועט אייך בעגעג־נען.

יום טוב — מיינט, שוין געקומען, געזעהן און עס איז גאָר־נישט...

יום־טוב — איז דאָס לעבען פון דעם רייכען פּוסט־הערציגען, און דארום אזוי אָרים.

ערב יום טוב — איז דאָס לעבען פון׳ם אָרימען טרוימער— און דארום אזוי רייך.

און פּאַמפּאַדור איז שטיל געוואָרען אויף אַ ווײַלע און נאָכדעם ווייטער גערעדט:

פּאַמפּאַדור האָט ליעב דעם ערב יום טוב פון אַלעם. דעם ערב יום טוב פון ליעבע ווי דעם ערב יום טוב פון פריהלינג. ווי דעם ערב יום טוב פון בעפרייאונג.

אַ. ווען מענשען וואָלטען געקענט אייביג אָנהאַלטען דעם ערב יום טוב וואָלט דאָך געווען מעהר גליק און מעהר פרייד אויף דער ערד.

תלמידים! שטרעבט צום אייביגען ערב יום טוב און עס וועט אייך זיין גוט.

אזוי האָט גערעדט פּאַמפּאַדור!

ווענען היץ און קעלט.

תלמידים מיינע, פּאַמפּאַדור איז נעגען היץ.

היץ — דאָס איז דער מלאך המות פון פּראַקטישקייט, דער קברן פון דער לאָגיק.

היץ — דאָס איז דער פאָטער פון אַלע נאַרישע אידעאַלען.

היץ — דאָס איז די מאַמע פון ליעבעס־ערקלעהרונגען.

היץ — דאָס איז שוויים און שוויים — דאָס איז ארבייט, און ארבייטען האָב איך ניט ליעב.

פּאַמפּאַדור איז פאַר קעלט.

קעלט — דאָס איז ישוב הדעת, שנעע־קלאָהרקייט פון שכל און אייז פון דער נשמה.

קעלט — דאָס איז דער בעשעפער פון אחדות, דער גרינדער פון שענקען, דער אויסרופער פון ל ח י י ם׳ ס.

תלמידים מיינע, נאָר קעלט ברענגט צו אחדות, צו חבר׳־שאַפט, נאָר אַ גוט פרעסטיל טרייבט דעם מענשען צו טהיילען זיין בעט מיט עמיצען, צו גרינדען אַ היים.

נאר אויף מורא פאר קעלט האלט זיך די הייראט, נאר אויף מורא פאר דער עלטער, בויט זיך דאס פאמיליען לעבען.

ווען ס'וואלט אימער קאלט געווען, וואלט דער מענש געוואָרען א גוטער הויז־זיצער, א טרייער מאַן און אַן איבערגעבענער פאָטער.

ווען ס'וואלט אימער קאלט געווען, וואלט די וועלט אויסגעקוקט ווי איין גרויסע, פערברידערטע פאמיליע, וועלכע זיצט און ווארימט זיך ביי א געז־אייוועלע.

נאר א היץ האָט בעשאפען די היץ־קעפ און נאר די היץ־קעפ ברענגען אלע אומגליקען אויף דער וועלט.

נאר אין די היצען איז געבארען געוואָרען דער פעסימיזם, די איינזאמקייט, דער ווישען זיך פאר זיך, דער וועלען אנטלויפען פון שטאָדט און פון געזעלשאַפט.

תלמידים מיינע, ארבייט פאר מעהר קעלט אויף דער וועלט!

אין בעסטען פאל איז פערפרארען ווערען אלס בעסער ווי צרשמאלצען ווערען.

ווייל אלס פערפראָרענער געהט איהר דאך כאַטש אוועק ק א ל ט ב ל ו ט י ג אויף יענער וועלט.

פאמפאדור איז פאר בעשאפען א נארד־פאל אויף דער ערד.

ווייל אויפ'ן נארד־פאל זיינען די טעג אונבעדייטענד און די נעכט אונענדליכע, און אין גרויסע נעכט קען מען א סך שלאפען, און נאר שלאפענדיג זעהט נים דער מענש ווי נאריש ער איז...

פאמפאדור איז פאר א שטענדיגען נארד־פאל אויף דער ערד.

ווייל אויפ'ן נארד־פאל איז מעהר פינסטער ווי ליכטיג, און נאר פינסטערערהייט קען מען ווייניגער אנטאפען די חסרונות פון לעבען און מען איז הארום צופרידענער.

אזוי האָט גערעדט פאמפאדור.

וועגן טאַלאַנט און נאַרישקייט.

ווארום זיינען קלוגע שריפטשטעלער אַפט נאַרישע מענשען?
פרעגט פּאַמפּאַדור.

מוז דען א טאַלאַנט אויך נאַריש זיין?

און פּאַמפּאַדור ענטפערט:

קלוגע תלמידים מיינע, נאַרישקייט בעלאַנגט צו יעדען פון אונז גלייך און חכמה בלויז צו איינצעלנע.

א טאַלאַנט מוז נאַריש זיין.

נאַרישקייט פאר א טאַלאַנט — דאָס איז דער בעכער וואָס האַלט איין דעם וויין, די בלאַט, וואָס רינגעלט ארום די פרוכט, דאָס האָלץ וואָס שפּארט אונטער די בוים.

א טאַלאַנט מוז נאַריש זיין.

די וואָס זיינען קלוג אין לעבען זיינען ניט קיין ריכטער אי־בער'ן לעבען.

די וואָס זיינען שעפּפעריש אין קלוגע טהאַטען, זיינען ניט שעפּפעריש אין גייסט.

נאַרישקייט פאר א טאַלאַנט איז — א וואַכעדיג קליידעל אויף א יום־טוב'דיג יונג מיידעל'ס קערפּער, עס גיט איהר נאָך צו מעהר חן...

א קינסטלער — טאָר ניט זיין קלוג, ווייל קלוגשאַפט הייסט וואַך זיין, און א קינסטלער מוז אימער חלום'ען, און די שעהנסטע טרוימען זיינען די נאַרישסטע.

קלוג זיין פאר א קינסטלער — הייסט לעבען ווי א חכם און שטאַרבען ווי א נאַר.

זיין א נאַר פאר א קינסטלער — הייסט לעבען ווי א נאַר און שטאַרבען ווי א חכם...

פאר א קינסטלער איז גענוג, אז ער איז קלוג ביי זיין שרייב־טיש.

פאר א קינסטלער איז געגוג, אז ער פערשטעהט זיך אויף פרעמדע נארישקייטען.

פריינד! איך האב ליעב די נארישקייט אין די קינסטלער־נשמות.

וייל בענארישען זיך, איז א גוטע זאך.
וייל בענארישען זיך, הייסט זיין א קינד.
וייל בענארישען זיך הייסט גלויבען.
וייל בענארישען זיך הייסט האבען אונשולד.
תלמידים מיינע! זייט ניט קיין קלוגע.

תלמידים מיינע! פערהייליגט די קונסט אין איהר נארישקייט און בענארישט זיך וואס מעהרער, ווייל קלוגע און ערפאהרענע שאפען ניט...

אזוי האט גערעדט פאמפאדור.

## וועגען פארטייען און קאבינעט־מענשען.

און די תלמידים האבען זיך איינמאל צורעדט מיט פאמפאדור'ן וועגען פארטייען און זיי האבען איהם געפרעגט: ווארום ער בעלאנגט ניט צו קיין פארטיי אין אמעריקא.

און פאמפאדור האט אנגעקוקט זיינע תלמידים מיט א שמייכעל און ער האט אזוי געזאגט:

תלמידים! דאס מאל האט איהר רעכט.

א מענש אין אמעריקא מוז בעלאנגען צו א פארטיי. אויב ער וויל שפיעלען א ראליע אין געזעלשאפט.

די אידישע אמעריקא איז א לאנד פון פארטייען און סעמעטערים.

איהר מוזט דא בעלאנגען צו א פארטיי, ווי צו בעזארגען זיך מיט קרקע.

בעלאנגען צו א פארטיי — הייסט מאכען א קאריערע, און בע־זארגען זיך מיט קרקע — הייסטע געפינען רוה נאך טויט.

און דערהויפט איז גוט צו בעלאנגען צו א פארטיי פאר א טא־לאנטלאזען און א גייסטיג־קינדערלאזען.

ווייל וואו איז די פארטיי פאר'ן טאלאנטפאלען? פרעגט פאמ־פאדור.

און פאמפאדור ענטפערט:

די פארטיי פאר'ן טאלאנטפאלען איז ניטא ווי ס'איז ניטא די היים פאר'ן פריי־גייסט, ווי ס'איז ניטא דאס פאטערלאנד פאר'ן מענשען אהן בירגער־פאפיערען.

ס'איז דא א פארטיי פאר'ן טאלאנטלאזען, ווי ס'איז דא א היים איבעראל פאר'ן קאריערע־מאכער, ווי ס'איז דא אומעדום א פאטערלאנד פאר דעם וואס בירגערט זיך שנעל איין...

וואס איז א פארטיי אין דער אידישער אמעריקא, פרעגט פאמ־פאדור?

און פאמפאדור ענטפערט:

א פארטיי — איז די דארדאנעלען פאר טאלאנטלאזיגקייט, דער מעצענאט פון עם־הארצות, די ריטער־היטעל פאר פוסט־קע־פיגקייט, דער זאמעל־פונקט פון אלע קאריעריסטען, דאס ווארים אויוועלע פאר אלע ערפאלג־זוכער...

א פארטיי — איז א לייטער אום דער שנעל־קריכענדער זאל דורך איהם זיך קענען דערלאנגען וואס שנעלער צו די אקסלען פון פאלק.

דאס פאלק פרעגט דא ניט וואס פאר א רייכטהימער בעזיצט דיין נשמה, נאר צו וואס פאר א פארטיי בעלאנגסטו.

דאס פאלק קימערט זיך דא ניט, וואס טראגסטו אין הארצען, נאר וואס טראגסטו אויפ'ן לאטץ.

יעדער איינער מוז דא צו עפעס בעלאנגען. איז ניט צו א פארטיי איז לכל הפחות צו א לאנדסמאן פעראיין, צו א ברענטש פון ארבייטער רינג, צו א לאדזש פון אן ארדען, אפילו צום שנא־רער־פעראיין.

יעדער איינער מוז דא בעלאנגען. איהר קענט זיך זיין א גרוי־

סער שריפטשטעלער, אן אמת׳ער טאלאנט, נאר כל זמן איהר זייט ניט געווען טשערמאן אויף א מיטינג, סעקרעטער פון א פערזאמ־לונג, א לעקטשורער ביי א גראשענעם בילדונגס פעראיין, אדער לכל הפחות א טראק־רעדנער, זייט איהר ניט קיין גרויסער מענש, האט איהר ניט קיין ווערטה און מען רעכענט זיך ניט מיט אייך.

אין דער אידישער אמעריקא לעזט מען שרייבער, ניט צוליעב זייער גוטסקייט פון שרייבען, נאר ווייל זיי זיינען די קעפ אדער עקען פון געוויסע פארטייען און פארטייעלאך.

און מעג א לעזער דעם פארטיי־שרייבער ניט קענען געהמען אין מויל, ווי א ביטערע מעדיצין און מעג ער זיין אונפערשטענדליך ווי דער טויט, און מעג מען איהם איבערהויפט ניט לעזען, אבער ער פערנעהמט דאך דעם אנגעזעהענסטען פלאץ אין א צייטונג.

אין דער אידישער אמעריקא איז א מיטינג — אנשטאט שאַ־פונג, א פארטיי־רעזאלוציע — אנשטאט שטימונג.

אין דער אידישער אמעריקא דארף מען ניט שעהן שרייבען, נאר שעהן שטעהן אויף א פלאטפארמע.

תלמידים! איהר קענט דא מיט איין וואך שטעהען אויף א פלאטפארם און האלטען א נארישע רעדע, מעהר בעריהמט ווערען, ווי פון פיעלע יאהרען שרייבען און דענקען אין דער שטילקייט פון קאבינעט.

און פאמפאדור האט זיך אפגעשטעלט אויף א ווייל און בע־טראכט די געזיכטער פון די תלמידים, און נאכדעם האט ער ווידער פארטגעזעצט:

פריינד מיינע, ענטלויפט פון קאבינעט! אמעריקא האט פיינט דעם קאבינעט־מענשען. זי פערהייליגט דעם האלל־מענש, דעם מי־טינג־מענש און דעם גאסען־מענש.

אמעריקא האט זעהר וועניג אכטונג פאר הארץ, נשמה און שטילע טרוימען.

אמעריקא האט ליעב דאס שרייענדע. דאס גרילצענדע און טור־מעל־מאכענדע.

און וואס איז נאך מעהר שרייענדיג, גרילצענדיג און טומעל־מאכענדיג ווי א פארטיי?

אמעריקא — דאס איז א ריעזיגער פויק וואו יעדער איינער געהט צו און לעגט צו א האנד, גיט א פויק און ציהט ארויס עטליכע אויער־פערטויבענדע קולות.

ווילט איהר ווערען ערפאלגרייך? — שליסט זיך אן אין א פארטיי!

ווילט איהר ווערען א בעריהמטער שרייבער ניט פערמאגענדיג א ברעקעל טאלאנט? — גרינדעט א פעראיין, מאכט זיך חסידים, זייט א שטענדיגער טשערמאן, געהט אין קאמיטעס, טרינקט א סך סאדא־וואסער, זיצט שפעט ביי מיטינגען. און דאן וועט מען שוין אייער שרייבען פערצוקערען.

ווייל וואס הייסט דא קענען שרייבען, פרעגט פאמפאדור? און פאמפאדור ענטפערט:

קענען שרייבען — הייסט שטעהן אין צ. ק. פון א פארטיי; קענען שרייבען בעדייט דא — זיין א רעדנער מיט א הייזעריגער שטימע.

ווייל וואס הייסט דא א לעזער, פרעגט פאמפאדור?

און פאמפאדור ענטפערט: א לעזער הייסט דא א קעפעל־לעזער. דא לעזט מען ניט די ארטיקלען, נאר מען קוקט איבער ווער עס שרייבט זיי...

ווען פאמפאדור ווארפט דא אן אויג אויף אלע אונזערע בעריהמטע שרייבער און שאצט זיי איבער איינס אין איינס — זעהט ער, אז דאס זיינען ניט קיין שרייבער, נאר כלל־טוער. דורך דער אפענער טויער פון כלל־טועריי זיינען זיי אריין אין פאלאץ פון שריפטשטעלעריי. און אויב שרייבען מיינט שכר פאר שורות, דאן קריגען זיי די גרעסטע שכירות.

און פאמפאדור האט זיך פערטראכט א ווייל און נאכהער ווייטער גערעדט:

אונזערע „יונגע" וועלען קיינמאל זיך ניט ארויפארבייטען אין דער אידישער גאס, ווייל זיי שטעהען ווייט פון פארטייען. ציטערען ווען זיי קומען ארויף אויף א פלאטפארם און ווילען בעלאנגען נאר צו דער מוזע.

דעם פּאָרזיצענדער׳ס האמער האט שוין דאָ מעהר מענשען אַ נאָמען געמאכט ווי די מוזע.

מיט דער מוזע מוזטו שווער ארבייטען ביז דו ווערסט בע־ריהמט.

און מיט׳ן האמער איז איין קלאפּ און אַ צווייטער און דיין נאָמען איז אויף אַלע ליפּען.

איהר קענט האבען זעהר פיעל צו זאָגען, נאָר אייער וואָרט האָט קיין ווערטה ניט, ווען ער איז ניט דורכגעגאַנגען אַ צ. ק.־הכשר און איז ניט געשטעמפּעלט געוואָרען פון אַ פּאַרטיי־שטעמפּעל.

די פּאַרטייען האבען דאָ אַלעס: אַ מאשין, געלט אין די בענק, אַ שטעמפּעל, און אזוי אויך עדיטאָריעל־שרייבער, טהעאָרעטיקער, בקיצען־שרייבער, פעלעטאָניסטען און אפילו אייגענע פּאָעטען.

דאָס, וואָס אמאָל איז געווען דער הויף־פּאָעט איז היינט דער פּאַרטיי־פּאָעט.

תלמידים! פּאָלגט אייער פּאָמפּאַדור׳ן, פערשרייבט זיך פאַר מיטגליעדער פון וועלכער ניט איז פּאַרטיי, מעג זי אפילו זיין פון אַ מזומן־מיטגליעדער. אפילו קריגען אַ פּעטע שטעלע קענט איהר אויך נאָר דורך די שמאַלציגע הענד פון די פּאַרטיי־פיהרער.

און קענט איהר ניט בעלאַנגען צו אַ פּאַרטיי, רייבט זיך כאָטש לעבען די פּאַרטיי־פיהרער. ווען ניט, זייט איהר אויסגעשפּיעלט איידער איהר האָט נאָך אָנגעהויבען שפּיעלען.

פריינד מיינע! פּאָמפּאַדור בעלאַנגט ניט צו קיין פּאַרטיי און דערפאַר ווייסען אזוי ווייניג מענשען פון פּאָמפּאַדור׳ן.

אזוי האָט גערעדט פּאָמפּאַדור, איז אוועק און האָט געלאָזען זיינע תלמידים מיט אָפענע מיילער.

תלמידים! ווילט איהר זיין גליקליך? — קויפט טשואינג גאם, לעגט אין מויל און קייעט!

טשואינג־גאם — דאס איז די שעהנסטע ערפינדונג פון אמע־ריקא, שעהנער אפילו פאר דעם פאנאגראף.

טשואינג־גאם — דאס איז דער מארך־פערשלעפערער, יושר־פערוויעגער און געדאנקען־בעפרייער פון דעם אמת אמעריקאני־שען בירגער.

יעדעס פאלק האט זיך זיינע געגען־גיפטען צום וועלט־שמערץ, זאגט פאמפאדור, דער איד — א קאפיטעל תהלים; דער רוס — א פלעשעל „וואדקא"; דער דייטש — א פאר צעהנדליג גלאז ביער, און דער אמעריקאנער — א פעקעלע טשואינג־גאם.

טשואינג־גאם איבער אלעם!

בעזארגט זיך מיט טשואינג־גאם, קייעט איהם סיי ביי טאג און סיי ביי נאכט און איהר וועט ניט וויסען פון אידעאלען־קראנקהייטען, פון נערוועז־צוטרייסלענדע וועלט־פראבלעמען, פון דער שמערצליכער לעבען און טויט פראגע.

קייט טשואינג־גאם, און איהר וועט פערשפארען יי דענקען און דערדענקען זיך צו זעלבסטמארד.

טשואינג־גאם פאר אלעם!

מאכט איהר א ליעבעם ערקלעהרונג — טהוט עס מיט א שטיק גאם אין מויל. עס וועט ארויסקומען פיעל בא'חן'טער און פראקטישער.

און אפילו אין העכסטען עקסטאז פון דער ליעבע, ווען איהר כאפט ארום אייער געליעבטען וועזען, און בעדעקט זיין מלאכים־געזיכט מיט צעהנדליגער קושען — אויך דאן הערט ניט אויף צו קייען טשואינג־גאם.

און זייט איהר א גרינער ערשט פון שיף — טא בזייארגט

זיך פריהער פון אלץ, מיט טשואינג־גאם. לערנען די שפראך פון לאנד, וועט אייך נים מאכען אזוי שנעל פאר אן אמעריקא־נער; בעקענען זיך מיט די נויטיגע מנהגים און געזעצען פון לאנד וועט אייך נים מאכען אזוי גיך פאר „געל" — דאס קליינע שטיקעל טשואינג־גאם וועט עס טהאן פאר אייך.

גרינע תלמידים מיינע, קייעט טשואינג־גאם אומעדום און שטענדיג!

פרעדיגט ברודער ליעבע — און קייעט!

קוקט צו א געשלעג אין גאס — און קייעט!

ערקלעהרט קריעג — און קייעט!

קייען טשואינג־גאם, דאס מיינט אויסערליכע רוהע און אי־נערליכעס גליק.

און פאמפאדור האט א ביטערען שמייכעל געטהאן און אויס־גערופען:

זיי מיר געבענשט דו טשואינג־גאם קייענדע חיה! זיי מיר טויזענד מאל געגריסט פאר דיין פראקטישקייט און לעבענס־ווייז־הייט!

ווייל דאס גרויסע גליק פון דעם צוקונפט־מענש, ליעגט נים אין וועלט־פריעדען אהן א זיעג, דאס גרויסע גליק פון דער מענשהייט איז נים פערבארגען אין איהרע פערווירקליכטע אידע־אלען — נאר אין דעם קליינעם שטיקעל טשואינג־גאם.

טשואינג־גאם — איז דער טהייערסטער גליק־מיטעל פאר דעם ביליגסטען געלד־פרייז!

אזוי האט גרעדט פאמפאדור.

אין יענע טעג האבען איהם זיינע תלמידים געפונען ציהענדיג פון מויל טשואינג־גאם.

**וועגן טהעמאס און שרייבער וואָס זוכען טהעמאס.**

זוך ניט קיין טהעמאס, זאָגט פּאָמפּאָדור.
ווער דאַרף עס און צו וואָס טויג עס?
זוכען א טהעמא — דאָס הייסט זיין ניט פריי.
זוכען א טהעמא — דאָס הייסט זיין געבונדען צו דער לאָ־גיק.
זוכען א טהעמא — דאָס הייסט עפּעס פערלאַנגען.
און ווער דאַרף איבערהויפּט דיינע פערלאַנגען?
דער עולם וויל פלוידערייען, מואווינג־פּיקטשורס, און „אויף־איין־פוס־ליטעראַטור“.
שפּרינג פון איין שורה צו דער צווייטער, רעד וואָס עס פאַלט דיר איין קאָפּ און דו וועסט האָבען ערפאָלג.
זוך ניט קיין טהעמאס, ווארום דאָס וועט דיר ברענגען צום שאַפען.
און שאַפען דאָס איז דער גרעסטער אומגליק פאַר א אידישען שרייבער.
שאַפען ביי אידען — דאָס הייסט, ניט האָבען קיין פּרנסה.
שאַפען ביי אידען — דאָס הייסט בלייבען אן אייביגער קבצן.
און וואָס איז גלאַט א טהעמא? פרעגט דער קלוגער און ער־פאַהרענער.
א טהעמא — דאָס מיינט קנייטשען אויס'ן שטערען פון קלוגע לעזער.
און קלוגע שרייבער האָבען מיטלייד מיט זייערע לעזער.
און ערפאַהרענע שרייבער לוינט זיך ניט איינרייסען מיט זיי־ערע לעזער.
ווארום א לעזער, דאָס איז היינט א נאַריש, צופּעשטשעט, קאַפּריזנע קינד.

און וואָס טהוט מען, אז עס וואַרפט אוועק אין גאַנצען דאָס לעזען — פאַר וועמען שרייבט מען?

אוי, דאָס פאַר וועמען שרייבט מען! — ווי שרעקליך דאָס איז...

עס זיינען שוין לאַנג אוועק די יאָהרען פון שרייבען פאַר זיך אליין און קוויקען זיך מיט זיך אליין.

שרייבען פאַר זיך אליין — הייסט שאַפען.

שאַפען פאַר זיך אליין — מיינט גלויבען.

און דאָס איז היינט אַן אונמעגליכע זאַך פאַר דעם שרייבער, וואָס וויל מאַכען אַ לעבען.

שאַפען און גלויבען, דאָס האָבען געקענט אונזערע זיידעס, וועלכע זיינען געוועזען בעזאָרגט מיט ווייבער, וועלכע האָבען זיי בעזאָרגט מיט חיונה.

אַ היינטיגער שרייבער זאָגט: געמאַכט און פערקויפט! איך שרייב ניט פאַר זיך, איך דאַרף דאָס ניט, איך בין ווי דער הויזען־נעהער, היטעל מאַכער, ראָק־שטעפער.

פאָדערט און איך גיב!

פאָדערט ניט, און איך שטום!

און פון דערפון נעהמט זיך די ב י ז י און די ס ל ע ק אין אונזער ליטעראַטור.

שרייבער! זייט נאַריש, זייט אפילו אידעאַליסטיש, טהוט אייך וואָס איהר ווילט, אבער איין זאַך פערשטעהט, אז איהר געהערט צום לעזער — און נאָר צום לעזער.

און דארום זוכט ניט קיין טהעמאַס, ווייל ע ר, דער לעזער, זוכט ניט קיין טהעמאַס.

פלוידער פריי, אבי אַמוזיר מיך — דאָס איז דער רוף פון היינטיגען לעזער צו זיין שרייבער.

מוטשע מיך ניט! — דאָס איז דער פאַרמאַן־געשריי פון דעם לעזער צו זיין שרייבער. בפרט אז היינט ווערט אַלץ געלעזען אין טראַמוואַי.

אוי, די טהעמאַס, די טהעמאַס! זיי האָבען שוין ניט איין אונ־פראַקטישע שרייבער־נשמה פערפיהרט.

אט זיך איך יעצט אין צימער און זוך — זאגט פּאמפּאדור — און מיינע אלטע מאנוסקריפּטען ליגען פאר מיר און אויך נייע, האלב אנגעפאנגענע, און איך פרעג זיך: ווען וועט שוין קומען אויך מיין צייט?

די צייט פון אויסשרייבען זיך, די צייט פון טהעמא־אויס־טריקעניש, די צייט פון צופריעדען־זיין אהן טהעמאס. ווען?

אזוי האט גערעדט פּאמפּאדור.

ווענען אלטע און נייע זאכען.

תלמידים! — האט פּאמפּאדור אנגעפאנגען — ווילט איהר זיין שטענדיג נ י י ביים פאלק? טראגט זיך שטענדיג ארום מיט א ל ט ע גדאנקען.

פּאמפּאדור האלט זעהר פיעל פון אלטע גדאנקען.

אלטע גדאנקען — זיינען שליסלען צו די זיכערהייטס־קאַ־סען פון ערפאלג.

אלטע גדאנקען — זיינען שטענדיג די נ י י ע ס ט ע.

נייע גדאנקען — זיינען ריזיקאלישע אונטערנעהמונגען, און דער גרעסטער טהייל מענשען וויל ניט ריזיקירען.

נייע גדאנקען — זיינען ווי ערשט געבוירענע קינדער. זיי לאזען ניט שלאפען, און מענשען ווילען שלאפען.

ווארפען אין פאלק א נייעם גדאנק — הייסט, עפענען מוחות, און דאס פאלק וויל ניט עפענען זיין מוח ווי ער וויל ניט עפענען די פענסטער פון זיין דירה.

און א סארקאסטישער שמייכעל האט דורכגעקרייצט פּאמפּא־דור'ס ליפּען און ער האט ווייטער גערעדט:

פריינד! זייט איהר א שרייבער, א פרעדיגער אדער אן אנדער מין סארט לעהרער פון דער מענשהייט — שרייבט און פּרע־דיגט און לערנט נאר ווענען אלטע זאכען. רעדט איהר — שיט

נאָר מיט פערשימעלטע פּסוקים, שרייבט איהר — ברענגט נאָר ציטאַטען פון פערשטויבטע ביכער.

דאָס פאָלק וועט יענע ציטאַטען און פּסוקים ניט פערשטעהן, אבער אייך וועט עס פערגעטערען...

דאָס פאָלק, ווי א קליין קינד, האָט ליעב צוקייטע זאכען. און וואָס איז נאָך אזוי צוקייט ווי אן אלטער געדאַנק?

דער לעזער ווי דער צוהערער, האָט ליעב טראַדיציע. האָט אכטונג פאר גרויע בערד ווי פאר פערצייטיגע מאָראַלען, פאר אן אלטער חורבה ווי פאר אן אלטען וויין.

וואו איז דער אריינגאַנג צום טויער פון ערפאָלג פאר א שריי־בער? — פרעגט מען פון אלע זייטען.

— אין טאַלאַנט! — ענטפערט איינער.

— אין די נייקייט פון די טהעמאס! — בעשטימט א צווייטער.

— אין פּראַקטיקציע! — פּסקנ'ט א דריטער.

— אין מזל! — וויל האָבען א פיערטער.

— אין פּארטיי־אָנגעקניפּטקייט! — רעזאָנירט א פינפטער.

— אין א שטענדיגען פּלאַץ וואו זיך דרוקען — וויצעלט זיך א זעקסטער.

פּאָמפּאַדור זאָגט: אין ניט וועלען געבען דעם לעזער קיין נייע זאכען!

נאָר אין געבען אלטע זאכען, אין ארויסנעהמען פון ארכיוו פערלעגענע אנטיקען, אין איבערקייען און ווידערהאָלען ליעגט דער ערפאָלג.

און פּאָמפּאַדור איז אנטשוויגען געווארען און האָט נאָכדעם ווייטער גערעדט:

תלמידים מיינע! ווילט איהר ווערען רייך? — האַנדעלט מיט אלטע זאכען!

א סך פון אונזערע מיליאָנערען האָבען צו פערדאַנקען זייער קאָלאָסאַלען רייכטהום דעם מסחר מיט אלטע זאכען.

ווילט איהר ווערען א גוטער אנערקענטער וויצלער און הומאָ־ריסט, דער ליעבלינג פון דער געזעלשאַפט? — זאָגט אלטע ווי־צען!

אויף נייע וויצען דארף מען קלעהרען: זאָל מען פון זיי לאַכען אָדער ניט? פון אַלטע וויצען לאַכט מען זיכער. מען לאַכט איידער דער דערצעהלער ענדיגט זיי נאָך, ווייל מען ווייס זיי שוין...

און, ליעבע מיינע, האָט קיין מורא ניט פאַר ווידערהאָלונ־גען.

ווידערהאָלען זיך — איז דאָס זעלבע וואָס א שאָסעע־וועג פאַר אַן אויטאָמאָביל. עס גליטשט זיך אונגעשטערט...

ווידערהאָלען זיך — הייסט קלאַפּען מיט א טעמפּער האַק איבער יענעמ׳ס הארטען זכרון.

און דאָס פאָלק האָט זעהר א הארטען און שלעכטען זכרון.

און האָט גאַר קיין פורכט ניט, ווען עמיצער א ניט־ערפאַה־רענער וועט אייך אָפּשטעלען און זאָגען: דער דאָזיגער געדאַנק איז אַלט! איך אַליין האָב איהם שוין געהערט הונדערט מאָל!

איהר האָט איינס אין זינען: עס וועלען זיך אימער אויף איינעם וואָס געדענקט — געפינען ניין און ניינציג וואָס האָבען שוין פערגעסען...

און זייט איהר א שרייבער, קומט א יום־טוב, און מען הייסט אייך שרייבען א יום־טוב ארטיקעל.

זוכט ניט קיין נייע טהעמאס. דאָס קען אייך פערפיהרען ווער ווייסט וואוהין. שרייבט איבער אַן אַלטען ארטיקעל און גיט איהם דרוקען.

ווייל ווי דאָס פאָלק האָט ליעב זיינע אַלטע יום־טובים, אַזוי האָט ער ליעב די אַלטע געדאַנקען וועגען זיי.

און פּאָמפּאדור האָט שוין געוואָלט געהן זיין וועג. נאָר די תלמידים האָבען איהם געבעטען, ער זאָל נאָך עפּעס זאָגען וועגען נייע און אַלטע זאַכען.

און פּאָמפּאדור האָט געזאָגט:

אַלטע געדאַנקען — זיינען אויטאָריטעטען און אויטאָריטעטען זיי־נען די אייביגע געזעצען, פאַר וועלכע דאָס פאָלק קניעט.

נייע געדאַנקען — זיינען רעוואָלוציעס, און פאַר רעוואָלוציעס האָט דאָס פאָלק מורא.

אַלטע געדאַנקען — זיינען זיכערע שטוהלען מיט פעסטע

פיסלעך און ווייך־אויסגעבעטע רוקענס — מען קען זיך אויף זיי אנשפארען.

נייע געדאנקען — זיינען שפיציגע שטיינער, אויף וועלכע מען קען צובלוטיגען די פיס ביי די ערשטע טריט.

דאס פאלק קוקט מיט חשד אויף נייע זאכען.

אפילו נ י י ע ס אין די צייטונגען איז אויך פראקטישער צו געבען א ל ט ע.

דאס פאלק האט ליעב די עלטסטע נייעס, ווי די אינגסטע פרויען.

שרייבט נאכאמאל און נאכאמאל, אז דרייפוס איז בעפרייט געווארען, אז פארטארטור איז גענומען געווארען, אז נאפאלעאן איז אריין אין מאסקווע, און מען וועט אייך לעזען.

איך האב אמאל אויך ליעב געהאט נייע זאכען, זאגט פאמפאדור, ביז איך האב איינמאל א קוק געטהאן אין שפיגעל, ווי מיין שטערען איז צוקנייטשט און איך האב די נייע זאכען אנגעהויבען האסען.

צו וואס, פרעג איך אייך, זאל פאמפאדור זוכען נייעס, יעדען טאג אין זיין אייגענעם הארצען, ווען זיינע חברים האבען פאר זיך א וועלט מיט נייע זאכען אין די אלטע שמות, און זיי זיינען געזונד, מוטהיג און רויטלען זיך ווי יונגע דארף־מיידלאך ?!

אזוי האט גערעדט פאמפאדור, און האט פערלאזען זיינע תלמידים.

וועגען לעצטע סענטען און גליק.

און די תלמידים האבען מקנא געווען פאמפאדור׳ן, וואס ער האט איצט געגוג געלד און קען זיך פערגינען וואס ער וויל.

און פאמפאדור האט א שמייכעל געטהאן און געזאגט:

תלמידים! איהר קענט ניט אייער פאמפאדור׳ן.

פּאַמפּאַדור האָט גאָר אמבעסטען ליעב צו בלייבען אַהן א סענט. און איז צייטענווייז גאָר מקנא דעם מענשען, ביי וועמען עס קלינגט ניט אין קעשענע.

בלייבען אַהן א סענט — דאָס הייסט, אויפלעבען פון דאָס גיי דיין זאָרגלאָזיגקייט.

בלייבען אַהן א סענט — הייסט, א קוק טהאָן אויף דער וועלט מיט מ ע נ ש ל י כ ע אויגען. אנשטאָט, וואָס אלע מאָל קוקט איהר אויף איהר מיט די אויגען פון א קינד, וואָס קען אלץ קויפען...

בלייבען אַהן א סענט — הייסט, ווערען צוריק פריי, הייסט, געהן אומעדום, וואו מען רופט אייך. אנשטאָט, ווען איהר האָט געלד, הויבט איהר אָן צו טראַכטען, וואוהין צו געהן. און פון אלע גליקען בלייבט איהר גאָר אין הויז...

בלייבען אַהן א סענט — בעדייט: אַנפאַנגען קלעטערען צו־ריק אויף די הויכע בערג פון פרייען שטרעבען, אנשטאט צו ליגען א געבונדענער אין דעם טהאָל פון אלטעגליכקייט.

בלייבען אַהן א סענט — הייסט, אייך, פּטור ווערען פון פיעלע הויז־פריינד און בלייבען מיט דיין רייכער נשמה אליין.

איהר, תלמידים מיינע, האָט געוויס ליעב, ווען עס קלינגט אין קעשענע. אבער פּאַמפּאַדור האָט אמבעסטען ליעב צו פיהלען דעם לעצטען סענט, ווי ער געהט אוועק.

דער לעצטער סענט, וואָס געהט אוועק — דאָס איז דער ווי־דערגעבורטה פון אייער גליק.

דער לעצטער סענט, וואָס געהט אוועק — איז בחור'שע פריי־הייט, וואָס קומט צוריק.

וואָרום, וואָס איז גליק? — פרעגט פּאַמפּאַדור.

און פּאַמפּאַדור ענטפערט:

ס'איז ניט קיין גליק צו אומטראָגען זיך טאָג און נאַכט מיט א פולען טייסטער און מורא האָבען פאַר די ניט־אנערקענער פון פריוואַט־אייגענטהום.

ס'איז ניט קיין גליק צו האָבען געלד אין די בענק — און טאָג און נאַכט ציטערען, אז אַט וועלען זיי קראַכען.

ס'איז אפילו נים קיין גליק צו צאָהלען אקוראטנע דירה־געלד און זעהן פאַר זיך שטענדיג דעם צופריעדענעם שמייכעל פון דעם הויז־בעל־הבית, וואָס נעהמט עס צו.

ס'איז אפילו נים קיין גליק צו עסען רעגעלמעסיג און קוקען זיכער דעם „געטיפ'טען" קעלנער אין די אויגען.

דאָס אמת'ע גליק, מיינע פריינד, איז ערגעץ ווייט, ווייטער הינטער די דירה־געלד־זיכערקייט, און רעסטאָראַנט־רוהיגקייט.

דאָס אמת'ע גליק פון לעבען איז טיעפער פון דעם טיעפס־טען טייסטער.

דאָס אמת'ע גליק פון לעבען איז אין א ו נ ז י כ ע ר־ק י י ט. איז אין דעם ציטערען יעדען נייעם טאָג לעבען, פאַר דעם נייעם טאָג לעבען, אין דעם עסען און נים האָבען מיט וואָס צו בע־צאָהלען...

ביי מענשען, וואָס לאָזט זיך קיינמאָל נים אוים דער סענט, הויבט זיך קיינמאָל נים אָן דאָס גליק.

דאָס אמת'ע גליק פון לעבען רוהט נים אין א פולען מאַגען— נאָר אין א פוסטער קעשענע.

תלמידים! פאָלגט אייער פאַמפאַדור'ן, בלייבט וואָס עפטער אהן א סענט און איהר וועט געפינען אייער געלד־לאָזען גליק.

אזוי האָט גערעדט פאַמפאַדור.

**דאָס ליעד פון פייער.**

פייער ברען מיך נים. שוין גענוג! לעש אוים דיין טייפעלשע מאַכט אין מיין האַרצען.

פייער, נאָך פון חדר־יוגענד ברענסטו מיך, און וואָס האָט פאַמפאַדור פון דיין ברענען?!

אה, די הייליגע פייערלאַך פון האַרצען ווי שעדליך זיי זיינען!

פייער — דאָס איז דער טויט פון דער נשמה.

פייער — דאָס איז די מוטער פון אונפּראַקטישקייט און פּאָ־עזיע.

פייער — דאָס איז דאָס געווינערין־בעט פון דער געטין — ליעבע.

פייער — דאָס איז אידעאַל און הייליגקייט.

פייער — דאָס איז בלויז די פרייד פון די אונטערצינדער און פערזיכערונגס־אַגענטען.

איך האָב ליעב וואַסער און וואַסער־גיסער!

וואַסער — דאָס איז פּראָזאַ, דאָס איז ערפאַהרונג.

וואַסער — דאָס איז דער זאַמד־אָבשווענקער פון דיין זעעלע.

וואַסער — דאָס איז דער גאָט פון מסחר.

און ניט אומזיסט האָט יעדע „בערזשע" וואַסער־אַקציעס.

אוי די פייערען פון מיין נשמה ווי איך שרעק זיך פאַר זיי! זוי וואַלד־פייערען אויף גרויסע ברייטע שטרעקעס וואָס טאַנצען מיט זייערע פייער־צונגען איבער די קעפּ פון די אוראַלטע ביימער, ברעכען און ברענען די צווייגען, אַזוי האָבען די פייערען פון מיין נשמה פערניכטעט די שעהנסטע ביימער פון מיינע וואַלד־פאַנטאַ־זיען און גלויבענס.

טאָג־טעגליך ברענען וואַלד־פייערען אין מיין הארצען און זוער קען זיי לעשען? און ווען פאַר פּאַמפּאַדור'ן שטעהט אַ גרויסע גלאָז קאַלטע סאָדאַ־וואַסער און ער טרינקט און פיהלט זיך רו־היגער, דאַן קוקט איהם אויס דאָס גאַנצע לעבען פון מענשען אַלס אַ טענעמענט־הויז, וואָס איז גערדראָהט אַלע מינוט צו פערניכטונג.

און ער בענטשט דאַן די פייער־לייטע.

די פייער־לייטע, דאָס זיינען די פּראַקטישע אידעאַלען וואָס לע־שען אויס די פייערען, פערטרייבען דעם רויך, קלעטערען אויף אונ־זיכערע לייטערס, אום צו רעטען די שוואַכע און דערשראָקענע.

און ער בענשט אויך דאַן די „וואַסער־לייטונג" וואָס בעזאָרגט געגנוג וואַסער אום צו פערהיטען פון אונטערגאַנג.

פייער, איך וויל דיך ניט מעהר. ברען ניט מעהר!

זאָל די גרויסע נאָרד־פּאָל פינסטערניש בעדעקען ווי מיט אייז מיין הארץ.

פריינד מיינער! פערהייליג דאָס וואסער און דו וועסט קומען צום פראַקטישען צוקונפטס-מענש.

פריינד מיינער! לעש אויס די פייערען פון דיין הארצען און דו וועסט געפינען דעם בריק וואָס פיהרט צום נייעם מענש.

אזוי האָט גערעדט פּאָמפּאַדור.

וועגען מאָנאָלאָג און דיאַלאָג.

תלמידים! די בעסטע פאָרם פון געשפּרעך — איז דאָס שווייגען, גאָר אזוי ווי די חכמה פון שווייגען קענען זעהר ווייניגע, דאַרום וויל איך מיט אייך רעדען וועגען מאָנאָלאָג און דיאַלאָג.

פּאָמפּאַדור שטעלט דעם מאָנאָלאָג פיעל העכער ווי דעם דיאַלאָג.

מאָנאָלאָג — איז בחור'שאפט. דאָס איז איין צימער פאַר זיך אליין. דאָס איז א שטענדיגער שמועס מיט זיך אליין, דאָס איז א לעבען וואָס געהט פריי און ניט געבונדען.

דיאַלאָג — דאָס איז פאמיליען-לעבען. דאָס איז דאָס שטענדיגע איבעררעדען זיך מיט'ן ווייב.

מאָנאָלאָג — איז ליריק — דארום, אמת'ע פּאָעזיע.

דיאַלאָג — איז דראמא, און דארום אזוי געקינצעלט ווי אלץ אויף דער ביהנע.

מאָנאָלאָג — איז א מעשה'לע וואָס א מאמע דערצעהלט איהר קינד.

דיאַלאָג — איז רכילות פון ווייבער אויף די טרעפּלאך פון הויז.

מאָנאָלאָג — איז תפלה.

דיאַלאָג — איז לשון הרע.

פּאָמפּאַדור האָט ליעב די מאָנאָלאָג-מענשען, די מענשען וואָס

קענען זיין מיט זיך אליין, רעדען צו זיך אליין און פערטיעפען זיך אין זיך אליין.

צו וואס דערצעהלען? פרעגט פאמפאדור, צו וואס רעדען מיט יענעם?

אויב איהר האט ניט וואס צו זאגען, איז דאך איבעריג די ארבייט, און אויב איהר האט יא עפעס צו זאגען, וועט איהר געפינען אזוי ווי וועניג צוהערער.

און פאמפאדור האט זיך אויף א ווײלע פערטראכט און האט ווידער גערעדט.

תלמידים! וואס מעהר פאמפאדור טראכט, אלץ מעהר ווערט ער בעגייסטערט פון'ם מאנאלאג.

רעדען מיט זיך אליין — דאס איז נאטירליכקייט.

דער מענש איז דאן אויפריכטיג, אינטים.

ווען א מענש רעדט מיט א צווייטען — זאגט ער ליגען, פיינט ער זיך אוים און איז פאלש.

אויסרעדען דאס הארץ — דאס איז מאנאלאג.

פרעגען אן עצה — דאס איז דיאלאג.

לייהען א גמילת חסד — דאס איז מאנאלאג (איהר רעדט און יענער שווייגט).

אפגעבען א גמילת חסד — דאס איז דיאלאג (יענער מאהנט און איהר זאגט, אז איהר וועט ניט געבען).

און א שמייכעל האט זיך געוויזען אויף פאמפאדור'ס ליפען און ער האט ווייטער גערעדט:

מאנאלאג — איז אן אסיפה פאר זיך. אימער אן אייניגגעגעבענע, א גוט דורכגעפיהרטע.

דיאלאג איז א קאנפערענץ אין א גרויסען זאל, מיט מחלוקת, מיט גאר ניט טהאן.

מאנאלאג — איז ליעבע.

ווען א מענש איז פערליעבט, רעדט ער צו זיך אליין. רעדט ער אפילו ניט מיט זיין געליעבטע. געפינט ער א חבר אין זיינע ליידען און פריידען בלויז אין זיין אייגענער נשמה.

דיאלאג — איז שוין א ליעבעס־ערקלעהרונג מיט אן ענטפער

פון א י ה ר  זייט, און דאָס הייסט, דער אָנפאַנג פון דער וואַ־כעדיגקייט.

אוי, דער דיאַלאָג, דער דיאַלאָג! ווי פיינט עס האָט איהם פּאַמפּאַדור׳ס זעעלע!

די וועלט איז פול מיט רייד.

ווען מענשען וועלען קומען צום אייביגען מאַנאַלאָג, ערשט דאַן וועלען זיי ווערען ריכטיגע מענשען. זיי וועלען שווייגען לאַנג און רעדען גאַר ניט...

תלמידים, רופט צוזאַמען מיט פּאַמפּאַדור׳ן: נידער מיט׳ן דיאַלאָג, עס לעבע דער מאָנאַלאָג!

און פּאַמפּאַדור איז אנשווייגען געוואָרען און האָט מעהר גאָר ניט געוואָלט זאָגען, אבער די תלמידים זיינען צו איהם צוגעשטאַ־נען, ער זאָל נאָך עפּעס זאָגען וועגען מאַנאַלאָג און דיאַלאָג. און פּאַמפּאַדור האָט געזאָגט:

מאַנאַלאָג — איז דער ווינט וואָס שרייט פון פעלד און וויל קיינעם ניט פאָלגען.

מאַנאַלאָג — איז דער געזאַנג פון אַ פויגעל אויף א צווייג וואָס זוכט ניט קיין צוהערער.

מאַנאַלאָג — איז די שטאַרקייט פון אייגענעם „איך“. איז ניט זוכען קיין ענטפער ביי יענעם, איז ניט ערוואַרטען פון א צווייטען דאָס, וואָס דו האָסט אליין ניט.

מאַנאַלאָג — איז אויך דער גרונד־טאָן פון דער גרויסער עלעגיע פון דער וועלט — וואָס הייסט, אידיש פאָלק.

דאָס אידישע פאָלק — איז א פאָלק פון מאַנאַלאָג. עס רעדט כסדר פאר זיך, קיינער הערט איהם ניט... ער בעקלאָגט זיך — אבער עס בלייבט בלויז א מאַנאַלאָג.

זיין ניט געהערטער געשריי אין גלות — איז מאַנאַלאָג. זיין פערשטיקטער קרעכץ—איז מאַנאַלאָג. און דארום איז ער אזוי טראַ־גיש־שעהן, און דארום ליעבט פּאַמפּאַדור אזוי זיין פאָלק...

תלמידים! געגוג שוין רעדען אפילו פון מאַנאַלאָג. פּאַמפּאַ־דור האלט זעהר פיעל פון שווייגען. און מאַנאַלאָג איז דער שאסעע־וועג וואָס פיהרט צום שווייגען.

און ס'איז געוועזען אין דער צייט פון גרויסען קריזיס, און די תלמידים האבען בעגעגענט פאמפאדור'ן אויפ'ן וועג צום לאמבארד און ער האט צו זיי אזוי געזאגט:

תלמידים מיינע! די שעהנסטע אינסטיטוציע אין לאנד איז דער לאמבארד, און דער ערפאלגרייכסטער פיהרער פון לאנד איז דער פראצענטניק.

א לאמבארד — דאס איז דאס לעבען — מיר אלע פער־משכונ'ען דארטען אונזערע בעסטע חפצים, אונזערע גאלדענע שטרעבונגען, דימענטענע אידעאלען און זיידענע וועבונגען.

מיר אלע טראגען אהין די זייגערלאך פון אונזער צוקונפט, די רינגעלאך פון אונזער פאנטאזיע, די בראסליעטען פון אונזערע האפנונגען.

מיר ווייסען קיינמאל ניט דעם סוף פון אונזערע טהייערסטע זאכען: א ליעבעס־רינגעלע — אט איז עס אויף די צארטע פינ־גער פון אונזער געליעבטע, און אט געהט עס אוועק אויף די פינגער פון א גאסען־פרוי.

ווען מיר זיינען יונג, זיינען מיר ניט שטארק אויסגערעכענט. מיר ברענען צופיעל און פערהולטאיעווען צופיעל און דאן פאנגען מיר אן טראגען אין לאמבארד פון לעבען צו פערזעצען. מיר פער־זעצען דארטען ביסלעכווייז אונזער ליעבע, אונזער גלויבען, אונ־זער ברען און אונזערע שעהנסטע טרוימען.

מיר טראגען אזוי לאנג אין לאמבארד, ביז מיר בלייבען ביי די אפגעריבענע צעטלאך; אונזער זילבער ווערט אויסגעשטעלט אין פענסטער צום גאס און ווערט פערקויפט צו דורכגעהער.

אזוי האט גערעדט פאמפאדור.

און איז ווייטער געגאנגען.

**וועגן וואנדערען און וואנדערער.**

תלמידים מיינע, וואנדערט ניט! **זאגט פאמפאדור.**

זוכט ניט קיין נייע לענדער! עס זיינען ניטא קיין נייע לענדער פאר'ן אונרוהיגען גייסט.

פון אייער קליין, היימיש פענסטערל קענט איהר זעהן מעהר וועלטען, ווי פון די צעהנדליגע פענסטער פון שנעל־לויפענדע אייזענבאהן־וואגאנען.

תלמידים מיינע! זיצט אויף איין פלאץ.

זיצען אויף איין פלאץ — הייסט ווערען א חשוב ביי שכנים און נעהמען אויף קרעדיט אין דערבייאיגען קרעמעל.

אויפ'ן וואנדער־וועג קענען בלויז געבוירען ווערען גייסטיגע מפיל־קינדער, אבער ניט קיין רייפע געדאנקען.

אין די וואגאנען קענט איהר בלויז זעהען פנים'ער אבער ניט קיין נשמות.

אין א האטעל־בעט קען מען ניט אויסווארעמען קיין געפיהלען, מ'איז צופריעדען אז מ'ווארעמט אוים די גליעדער.

מיט'ן קאפ אויף א פרעמדע קישען, קען מען ניט טרוימען קיין הערליכע חלומות.

דער שעהנער גייסט מוז האבען א היים, כאטש ס'איז איהם שווער צו צאהלען דירה־געלד...

תלמידים מיינע, וואנדערט ניט!

די גרעסטע ים־שיף קען ניט פערוויגען דעם שטורם פון הארצען: אן אונרוהיגע נשמה קען ניט געפינען קיין רוה ביי נייע ברעגען.

די אינערליכע שטימע פון אונצופריעדענהייט קען קיין פייף פון א שיף־קוימען ניט פערטומלען.

דריקען אלע מאל נייע הענד נעהמט ניט ארונטער דעם דרוק **פון הארצען.**

זוכען גוטע מענשען אין דער פרעמד איז ווי צו זוכען ליעבע ביי אויסגעלאסענע פרויען...

שטאָדט־מענש, צו וואָס וואונדערען?

איין שטאָדט פון אייזען און שטיין איז ניט בעסער פון א צווייטער.

דער גאסען־שטויב איז אין אלע לענדער דער זעלבער.

ניטאָ קיין גליק אין דער פרעמד, ווען איהר האָט עס ניט אין דער היים.

דאָס גליק פון מענשען פלאָטערט העכער איבער די מאַסט־בוימער פון די גרעסטע שיפען; דער סוד פון א רוהיג לעבען איז פיעל ווייטער פון דער גרעסטער ווייטקייט.

תלמידים מיינע, זיצט אויף איין פלאַץ!

ווען אלע וואָלטען געווען וואנדערער, וואָלט די וועלט בלויז אויסגעקוקט ווי איין גרויסער האָטעל מיט בעטלאך און מאַטראַ־צען; וואָלטען די איינציגע נוצליכע מענשען געווען די קעלנער און דיענסטען; וואָלט די ליטעראַטור געווען בלויז א ליטעראַטור פון א שפייז־קאַרטע; די עסטעטיק — א צייהן - העלצעל אין מויל; די ליעבע — א נאכט אין א צימער פון א האָטעל; דער אמת — א רענצעל מיט קוויטיגע וועש; די דאנקבאַרקייט — טרינק־געלט פאַר די בעלי־עגלות און משרתים; און די יאָהרען — אן ארויפשטייגען און אראָבשטייגען פון טרעפּלאך אויף באַהנען...

פאַר פאַמפּאַדור׳ס אויגען ציהען זיך דורך א רייהע וואנדער־פעלקער און ער רופט:

אומגליקליך איז דאָס פאָלק, וואָס האָט א וואנדער־שטעקען אין האנד, אנשטאָט א באָדען אונטער די פיס.

א פאָלק, וואָס וואנדערט קען בלויז האָבען א היסטאָריע פון האָטעל־חשבונות, בעליידיגונגען פון קעלנער, און שלאָפלאָזע נעכט.

וואנדער־לוסט — איז די מוטער פון פיעל־ווייבעריי. וואנ־דערענדע מענער — זיינען בלויז א גליק פאַר פרויען וואָס זוכען אלע טאָג נייע ליעבעס אין נייע אָרעמס...

תלמידים מיינע, וואנדערט ניט אפילו ווען מ׳מאכט פאַר אייך הונדערט אבשיעדס־אבענדען!

די איינציגע קונסט־ווערק וואָס דער וואַנדערער האָט געשאַ־פֿן — איז די טאָרבע.

קיין וואַנדערער, זינט די וועלט איז אַ וועלט, האָט ניט גע־בראַכט פֿון זיין וואַנדער־וועג דעם אַלכעמישען שטיין פֿון גליק...

פּיעל־וואַנדערען איז דער פֿאָטער פֿון קאָסמאָפּאָליטיזמוס. און קאָסמאָפּאָליטיזמוס איז אין בעסטען פֿאַל אַ שטיף־מוטער אָבער ניט קיין מוטער.

תּלמידים מיינע, הערט פּאָמפּאַדור'ען!

פּאָמפּאַדור'ס היים איז אומעדום און אין ערגעץ ניט. פּאָמ־פּאַדור דאַרף ניט וואַנדערען...

זיין גייסט האָט ניט קיין טאָמאַזשנעס און גרענעצען; אָט איז ער מיט אייך און אָט כאַפּט ער זיך אַריבער איבער ימים, פֿער־פֿליהט אין די טיעפֿסטע וויסטענישען, ציהט זיך אויס פֿריי אויף ווילדע גראָזען.

מיין טרוים — האָט שטאַרקע פֿיס, ער גערט אויס אין איין ווילע גאַנצע לענדער.

מיין טרוים — האָט לאַנגע הענד, ער דערלאַנגט מיט זיי שלום אַלע מענשען און פֿעלקער.

גייסט מיינער! דו דאַרפֿסט ניט וואַנדערען!
אַזוי האָט גערעדט פּאָמפּאַדור.

וועגען ליעבע צום פֿאָטערלאַנד

תּלמידים! פֿון אַלע זייטען טראָגט זיך אַ געשריי: דאָס פֿאָ־טערלאַנד איז אין געפֿאַהר! מהוט אייער פֿליכט צום פֿאָטערלאַנד! קומט ראַטעווען דאָס פֿאָטערלאַנד!

פֿון אַלע זייטען פֿויקט מען פֿון ליעבע צום פֿאָטערלאַנד, פֿון אָפּפֿערען זיך פֿאַר'ן פֿאָטערלאַנד.

און דער עולם ווערט פאטריאטיש־ווילד און לויפט ראטע־ווען.

אבער פאמפאדור וויל פאר אייך קומען מיט א נייער לעהרע: די לעהרע פון מוטערלאנד.

תלמידים! בעפאר האבען אלע גערעדט און געפרעדיגט ליעבע צום פאטערלאנד, און אין דעם נאמען פון דער דאזיגער ליעבע, איז מען בעגאנגען די גרעסטע רציחות און שאנד־טהאטען.

פאמפאדור וויל צו אייך רעדען פון א נייער ליעבע — פון ליעבע צום מוטערלאנד.

די אלטע ליעבע צום פאטערלאנד האט אונז גענארט, מיאוס גענארט. דארום מוז מען איינמאל פאר אלע מאל א סוף מאכען צו דער וועלט־פערניכטענדער פראזע: „ליעבע צום פאטערלאנד!“

וואס איז ליעבע צום פאטערלאנד? פרעגט פאמפאדור. און פאמפאדור ענטפערט:

ליעבע צום פאטערלאנד — דאס איז א הכשר אויף רציחה, אין נאמען פון ליעבע.

ליעבע צום פאטערלאנד — דאס איז גוואלד און פערגוואלדי־גונג, אין נאמען פון מענשליכקייט.

ליעבע צום פאטערלאנד — דאס בעדייט, רואינע פון אונזערע היימען, אין נאמען פון ליעבע צום לאנד.

און וואס איז ליעבע צום מוטערלאנד? פרעגט פאמפאדור.

און פאמפאדור ענטפערט:

ליעבע צום מוטערלאנד — דאס בעדייט אייביגער פריעדען.

ליעבע צום מוטערלאנד — דאס מיינט די אויפבויאונג פון טויזענדער היימען.

ליעבע צום מוטערלאנד — מיינט, מענשען זייט גליקליך!

תלמידים! פיהרט מיך צום מוטערלאנד!

דארט אין זונען־שיין, דארט איז רוהע, דארט איז שטילקייט!

און פאמפאדור האט זיך פערקוקט ערגיץ ווייט, ווייט און נאכדעם ווייטער גערעדט:

ליעבע צום פאטערלאנד — דאס איז פערהייליגונג פון טויטער היסטאריע; דאס איז א קדוש־טאנץ פאר מצבות; דאס [illegible]

לאַבען זיך מיט די העלדישקייט פון געשטאָרבענע זיידעס.

ליעבע צום מוטערלאַנד — דאָס איז צוקונפט און לעבען; דאָס איז וויעג־ליעדער און פרייד מיט די קינדער וואָס דאַרפען ערשט געבוירען ווערען.

ליעבע צום פאָטערלאַנד — דאָס מיינט פריהער פון אַלץ ענאַ־איזם און פּאָליטיק.

ליעבע צום מוטערלאַנד — דאָס מיינט פריהער פון אַלץ האַר־ציגקייט און פּשוט׳קייט.

ליעבע צום פאָטערלאַנד — מיינט, טויט פון גאַנצע דורות.

ליעבע צום מוטערלאַנד — בעדייט, געבורטה פון נייע דורות.

ליעבע צום פאָטערלאַנד — מיינט, אַ שפּיעל אין סאָלדאַטשי־נאַ און קאַזאַרמעס, גליק פאַר אַמוניציע פאַבריקאַנטען.

ליעבע צום מוטערלאַנד — מיינט, שפּיעל פאַר קינדער, היל־בענדער געלעכטער אין די גאַסען און גליק פאַר די מוטערס.

ליעבע צום מוטערלאַנד — מיינט, זיין אַ מענש בעוואָ־פענט מיט יושר און גוטסקייט.

ליעבע צום פאָטערלאַנד — מיינט, זיין אַ סאָלדאַט, בעוואָ־פענט מיט ביקס און שווערד.

ליעבע צום פאָטערלאַנד — מיינט, די עהרע פון פאָטערלאַנד פריהער פון אַלץ.

און ווייסט איהר, וואָס איז די עהרע פון פאָטערלאַנד?

די עהרע פון פאָטערלאַנד איז דער מאָדערנער פייער־גאָט וואָס האָט ליעב מענשען־פלייש.

און ווייסט איהר וואָס איז די עהרע פון מוטערלאַנד?

די עהרע פון מוטערלאַנד, איז אַ שטילע טויב וואָס בעוואַכט איהר טויבען־היים.

די ליעבע צום פאָטערלאַנד — איז אַ געקינצעלטע און אויפ־געבלאָזענע, אָבער די ליעבע צום מוטערלאַנד איז אַ נאַטירליכע, אַ מילך־ברוסטיגע.

פאַר ליעבע צום מוטערלאַנד, איז ניטאָ קיין גרענעצען און קיין ימים; די גאַנצע וועלט איז אָפען פאַר איהר, אין דער צייט ווען די ליעבע צום פאָטערלאַנד איז אַ בעגרענעצטע און שמאָל־הערציגע.

פריינד מיינע! דער פאטער־קולט האט שוין צופיעל בעהערשט די וועלט, לאז פון איצט אן אנהויבען הערשען דער מוטער־קולט.

ס'איז שוין צייט, אז די פאטערס זאלען בכלל, איבערגעבען די מוטערס די לייצעס פון דער ממשלה.

וואס פאטער־הערשאפט איז, דאס ווייסען מיר שוין. לאמיר אויך פרובירען מוטער־הערשאפט.

פאטערס — רעדען נאר אין נאמען פון עהרע, מוטערס רעדען אין נאמען פון זייערע קינדער. און וואס איז אמת'ער?

די מוטערלאנד איז אומעדום, וואו מיין מאמע לעבט מיט מיר, וואו מען ליעבט מיך.

דאס פאטערלאנד איז נאר דא וואו מען שיקט מיך אין פייער.

און וועלכע לאנד איז בעסער?

און האט ניט קיין מורא פאר דער מוטער־שוואכקייט.

אונזער פאטערליכע שטארקייט האט אונז בלויז געהאלפען חרוב מאכען א וועלט. אפשר וועט די מוטערליכע שוואכקייט העל־פען בויען א נייע וועלט.

פערלירען איז ניטא וואס, ערגער פון פריהער קען שוין ניט זיין.

תלמידים! פאמפאדור איז פאר א מוטער־לאנד, ווייל ער איז פאר א קינדער־לאנד!

תלמידים! רופט צוזאמען מיט מיר: נידער מיט דער ליעבע צום פאטערלאנד און עס לעבע די ליעבע צום מוטערלאנד!

אזוי האט גערעדט פאמפאדור.

נאבאמאל וועגען יאהרען.

תלמידים! — האט פאמפאדור אנגעהויבען רעדען גלייך ווי זיינע תלמידים האבען איהם געטראפען ערב ניי יאהר 1917— איהר וועט גלויבען אייער פאמפאדור'ן צי ניט, נאר פאמפאדור

האט ליעב ניט די יאָהרען, וואָס קומען אָן, נאָר די יאָהרען, וואָס געהען אוועק.

יאָהרען, וואָס געהען אוועק — זיינען בעלי חובות, וואָס האָבען שוין איינגעמאָהנט זייערע חובות, אויף אזא אָדער אַנדער אופן — אָבער איינגעמאָהנט.

יאָהרען, וואָס קומען אָן — זיינען בעלי חובות, וואָס קומען ערשט קלאַפּען אין טיש.

און מיט וואָס וועט איהר זיי בעצאָהלען? ווייסט איהר כאָטש אז איהר זייט באַנקראָט?

יאָהרען, וואָס געהען אוועק — זיינען ליעבעס, וואָס האָבען זיך שוין אויסגעשפּיעלט.

און אויסגעשפּיעלטע ליעבעס זיינען די בעסטע, ווייל מען קען זיי שוין נעהמען אונטער'ן מעסער פון קריטיק און זעהן אין דעם ליכט פון קלאָהרען שכל.

יאָהרען, וואָס קומען אָן — זיינען ליעבעס, וואָס איהר דאַרפט ערשט שפּילען. און צו וואָס דאָס אומזיסטע ערגערניש און האַרץ־וועהטאָג, גלויבט איהר דען אין ליעבע?

יאָהרען, וואָס געהען אוועק — זיינען עראָיִנערונגען. גוט אָדער שלעכט, נאַריש אדער קלוג — אָבער ליעבען מוז מען זיי.

יאָהרען, וואָס קומען אָן — זיינען נאַרישע מעשים, וואָס מען קלייבט זיך ערשט טהאָן, און צו וואָס זיך ווייטער נאַריש מאַכען?

און פּאַמפּאַדור האָט שטרענג אָנגעקוקט די תלמידים זיינע ווי נייגעריג זיי בעטען ער זאָל נאָך עפּעס זאָגען — און ער האָט ווייטער גערעדט:

יאָהרען, וואָס געהען אוועק — זיינען מלבושים אָבגעטראָגענע, אויסגעקראָכענע, ביי די ארבעל אָבגעריבענע, מיט א מאָדנעם גלאַנץ אויף די לאַצען, אָהן קנעפּלאַך, און דאָך איז שווער זיך פון זיי צו שיידען.

יאָהרען, וואָס קומען אָן — זיינען מלבושים ערשט געבראַכט פון שניידער: עס שמעקט פון זיי מיט נייקייט, יעדער טהייל איז גוט צוגעפּרעסט, די נייע קנעפּלעך שמייכלען מיט זייערע פרישע

פנים׳לעך, איהר טהוט זיי אז — און דאך פיהלט איהר זיך אין זיי שלעכט, ניט בעקוועם און איהר זייט גערן זיי אראבצואוואַרפען.

יאהרען, וואס געהען אוועק — זיינען געסט, גוטע, פיינע, וואס האבען אייך בעזוכט, אויפגעגעסען און אויסגעטרונקען אלץ וואס ביי אייך אין הויז, פערפאטשקעט די טישטוכער, אנגערויכערט און אנגעווארפען מיט אשעס, געמאכט אייך דול און קראנק — אבער דאך זיינען זיי שוין אוועק — א דאנק!

יאהרען, וואס קומען אן — זיינען געסט, וואס דארפען ערשט קומען, דער טיש איז פאר זיי געגרייט, דער כיבוד לאכט ארויס פון די שעהנע כלים און פון ערפאהרונג מיט די אלטע געסט, פיהלט איהר, אז בעסער וואלטען שוין די נייע גאר ניט געקומען.

יאהרען, וואס געהען אוועק — זיינען אויסגעגעבענע טעכטער, טאקע שווער אנגעקומען אבער דאך אראפגע׳פטור׳ט א יאך, ארונטער א הארב פון די פלייצעס, מען קען צו זיי אפילו געהן צו גאסט און האבען נחת...

יאהרען, וואס קומען אן — זיינען טעכטער, וואס מען דארף ערשט חתונה מאכען, די הויז איז פול מיט זייערע קריגערייען און קרעכצען, טאטע־מאמע געהט אום שטענדיג פערזארגט: „אך, ווען גאט העלפט און מיר גיבען זיי שוין אוים!“

און פאמפאדור האט געשיקט זיין בליק ערגעץ ווייט ווייט און ער האט ווייטער געטרעדט:

תלמידים! אייער פאמפאדור ווערט זעהר פעסימיסטיש יעדען ערב ניי־יאהר.

פאמפאדור זעהט ווי עס ווערט געבוירען א נייער יאהר און ער זאגט: נאך אן אומגליק איז געבוירען געווארען! נאך א קאליקע אין דער משפחה פון יאהרען!

און ווער דארף אזוי פיעל קאליקעס?

פאמפאדור ווארפט זיין אויג אין דער אייביגקייט און ער זעהט זי, אין דער געשטאלט פון א ריעזיג־ריעזיגען בית־עולם, וואו עס רוהען יאהרען אהן א צאהל און אהן חשבון.

און א שרעק כאפט ארום פאמפאדור׳ן פאר ריעזען ריזיגען בית־עולם.

און דאן זעהט ער דעם פאטער־צייט אין דעם געשטאלט פון דעם מלאך־המות, וואס קאסעט קליינע איין־יאהריגע עופה׳לעך גאר אהן רחמנות.

און פאמפאדור פרעגט: צו וואס געבוירען ווערען אום צו לע־בען בלויז איין יאהר?

פאמפאדור האט מיטלייד מיט די ניי־געבוירענע יאהרען ווי מיט ניי־געבוירענע קינדער.

וועט דען דער ניי־געבוירענער האבען מעהר מזל ווי זיין ערשט פערשטארבענער ברודער?

און פאמפאדור טראכט: אפשר וואלט מען זיך גענומען טראכ־טען פון א יאהרען־געבורטה־קאנטראל ווי פון א קינדער־געבורטה־קאנטראל?

און פאמפאדור איז זעהר אומעטיג געווארען און האט מעהר גאר ניט געוואלט זאגען, נאר די תלמידים האבען איהם מיט הונ־געריגע אויגען געבעטען, ער זאל נאך עפעס זאגען. און ער האט גע־זאגט:

אך, איהר יאהרען, וואס געהען אוועק, ווי שעהן איהר זייט נאכדעם ווי איהר זייט שוין אוועק!

תלמידים! ווען אייער פאמפאדור הערט דעם ניי־יאהר טומעל, די הוזשעריי פון די גלעקער, דעם שיכור׳ן גערויש פון די מענשען וואס פרעהען זיך מיט די ניי־אנגעקומענע יאהרען, צולאכט ער זיך ביטער און זאגט:

א, איהר קורצזיכטיגע! פיהלט איהר דען ניט, אז מיט דעם פייערען פון די נייע יאהרען ווערט אויסגעלאשען דער פייער פון אייער הארצען? אז מיט דעם שיכור׳ן לכבוד דעם נייעם יאהר פער־שיכור׳ט איהר אייער לעבען? און אז אין דעם גלאקען־קלאנג הערט זיך דער קלאנג פון אייערע יוגענד־גלעקלעך וואס ווערען פערקלונ־גען?

א, איהר לייכטזיניגע און קורצזיכטיגע!

אזוי האט גערעדט פאמפאדור.

## וועגן קלאָר און ניט קלאָר.

אוי, ווי איך האָב פיינט די מענשען, וואָס פאַר זיי איז אַלץ קלאָהר, זאָגט פּאָמפּאַדור.

קלאָרהייט — איז דער שונא פון פּאָעזיע, פאַנטאַזיעס און קינדער מעשה׳לאך.

קלאָרהייט — איז די מאַמע פון פאַנאַטיזמוס.

פאַר דעם פאַנאַטיקער זיינען אָפען אַלע זיעבען הימלען און ער זעהט דאָרט קלאָהר גאָטס פּנים און גאָטס באָרד און ער זעהט אויך קלאָהר די לאַנגע טישען מיט די גוטע פישען וואָס שטעהען אין גן־עדן אנגעגרייט פאַר איהם.

קלאָרהייט — דאָס איז א פאַרטיי־פּראָגראַם, וואָס איז איינמאָל אויפגעשריבען געוואָרען און געהט ניט ווייטער פון שריפט.

אונקלאָרהייט — דאָס איז ברייטקייט, שענקייט און פיעל־פאַרביגקייט.

קלאָרהייט — איז די פּאַרטיילִיכקייט פון א פּאַרטיי־מיטגליעד וואָס פאַר איהם איז בלויז קלאָהר — ז י י נ ס און אונקלאָהר אַלעס וואָס איז נ י ט ז י י נ ס.

אונקלאָרהייט — דאָס איז דער שעהנסטער פעריאָד אין דער ליעבע פון א פרוי.

ווען די ליעבע ווערט איך שוין קלאָהר — פערוואַנדעלט זי זיך שוין אין הייראַטה.

קלאָרהייט אין ליטעראַטור — הייסט פּאָפּולאַריזאַציע, הייסט קריכען צום עולם.

קלאָרהייט — הייסט ניט האָבען קיין ספקות און צווייפלען.

און נאָר דום־קעפּ בעלי־בתים און לאַנגע אויערען בעזיצער פערמאָגען קיין צווייפעל ניט.

קלאָרהייט — איז דער פיהר־שטעקען אין די הענט פון כיטרע פיהרער צו פיהרען די אונקלאָהרע מאַסען.

אונזער לעבען איז שוין צו קלאָהר — דארום איז ער אזוי וואָ־
בעדיג.

פאר אן ארבייטער איז זיין טאָג קלאָהר, אויפשטעהן מיט'ן זייגער, עסען מיט'ן זייגער, קומען מיט'ן זייגער און אפילו זיין עסען, וואָס זיין ווייב מאכט פאר איהם איז איהם אויך קלאָהר... עס איז דאָס זעלביגע וואָס נעכטען און אייערנעכטען.

א יום־טוב — הייסט ווען איך וויים ניט קלאָהר וואָס פאר א גליקען עס ערוואַרטען מיך מאָרגען.

דער טאָג פון'ם רייכען איז אונקלאָהר, — דארום איז ער אזוי שעהן.

קלאָהרהייט — איז טויט.

אונקלאָהרהייט — איז לעבען און האָפענונג.

פריינד מיינע! וואָס מעהר אונקלאָהרהייט אין אונזער לעבען אלץ גליקליכער וועלען מיר זיין.

אָה, איהר פערפלאָנטעטע אונקלאָהרע בענקשאפטען פון מיין הארצען, צוגעהט זיך ניט, ווארום נאָר מיט אייך בין איך שטארק און מוטהיג!

אזוי האָט גערעדט פאַמפּאַדור.

וועגען וואַכען און שלאָפען.

היינט וויל איך מיט אייך רעדען א גאַנצע נאַכט, תלמידים מיינע.

היינט וויל איך וואַך זיין!

האָט איהר שוין אמאָל געהאַט דעם חשק פון אימער וואַך זיין?

האָט איהר שוין אמאָל געהאַט דעם פערלאַנג פון טרייבען פון זיך דעם שלאָף ווי א שונא?

שלאָפען — דאָס איז די שקלאָפען־קייט וואָס די נאַטור האָט געשענקט דעם מענטשן.

שלאָפען — דאָס איז דער קנעכטשאַפט שטעמפּעל, מיט וועלכען דער טייפעל האָט בעזיגעלט אונזער קערפּער.

שלאָפען — דאָס איז דער אייביגער זיעג פון קערפּער איבער'ן גייסט.

איך וויל וואַכען, תלמידים מיינע, און פריי זיין.

איך וויל אייביג וואַך זיין און לאַכען דער נאַטור אין איהר חערשענדען פּנים אריין.

ווי ליעב ס'איז מיר צו מאַכען פון נאַכט טאָג און טרייבען די שאָטענס אין זייערע ווינקלען אריין.

ווי ליעב ס'איז צו רעוואָלטירען געגען די מעשי בראשית, קעגען דעם אוראַלטען געזעץ פון דער וועלט...

וואַכען — דאָס איז די געוועהר פון דעם צוקונפט־מענש.

וואַכען — דאָס איז דער זיעג פון רייכען גייסט איבער'ן אָרימען קערפּער.

אָ, די שלאָפלאָזע נעכט, ווי טהייער זיי זיינען מיר!

אוי, דער ווילען אימער וואַך צו זיין, וואו נעהמט מען איהם?

דאָקטוירים, קערפּער־פערהייליגער און געזונדהייטס־פערהיטער! גיט מיר ניט קיינע רפואות, — איך וויל אימער וואַך זיין! איהר האַלט שלאָפלאָזיגקייט פאַר אַ קראַנקהייט? — איך ניט! איהר זוכט מיטלען ווי די שלאָפלאָזיגקייט צו טויטען — איך זוך ווי זי אויפצולעבען... אָה, די יונגע שלאָפלאָזע נעכט מיינע, וואו נעהמט מען זיי?

אָה, דער ווילען אימער וואַך צו זיין, וואו קריגט מען איהם יעצט?

תלמידים מיינע, גיסט וויין, פּלאַפּעלט, שיכור'ט און טרייבט פון זיך דעם שלאָף מיילען ווייט!..

תלמידים מיינע, זייט וואַך ביז וואַנען איהר זייט נאָך יונג, פריש און קאַמפף־לוסטיג!

אזוי האָט גערעדט פּאַמפּאַדור.

כ׳האָב ניט ליעב קיין תּפלות — זאָגט פּאַמפּאַדור — ווייל מיין האַרץ קען ניט פערטראָגען קיין געטער.

אָבער אָפט ווילט זיך אויך פּאַמפּאַדור׳ן מתפּלל־זיין און ער בעשאַפט זיך אליין אַ גרויסען גאָט. אַ ריעזען־גאָט און זאָגט צו איהם אַזוי:

גאָט! איך אַנערקען, אַז געגען דיר בין איך אַ שוואַכער מענש און דאַרום פּראָטעסטיר איך געגען דיר.

אַלע שוואַכע מוזען פּראָטעסטירען.

און ווייל איך וויים, אַז פּראָטעסטירען העלפט ניט, האָס איך דיך...

אַלע ניט געהאָלפענע מוזען האַסען.

גאָט, איך פערשטעה ניט דעם צוועק פון מיין קומען און דעם זין פון מיין פערשוואונדען, און דאַרום האָס איך דיך ווידער, און דאָפּעלט האָס איך דיך, ווייל איך וויים, אַז אום צו קענען דיך האַסען, האָב איך דיך געדאַרפט אויסטראַכטען...

אויסגעטראַכטער גאָט! דיין וועלט איז נאַריש, אויב זי איז געשאַפען דורך דיר...

און אויב זי איז ניט געשאַפען געוואָרען דורך דיר, איז זי אויך נאַריש...

הויכווירדיגער בעשעפער! די ערד וואָלט געווען מיאוס, ווען דו פערשפּרייטסט ניט דיין הימעל איבער איהר;

די ערד איז ניט שעהנער, ווען זי פערמאַגט דיין פערשפּריי־טען הימעל איבער זיך... — —

ווייל דיין הימעל איז אַזוי וועניג ריין און בלוי און הימעל־דיג; און אין די צייטען ווען ער איז ריין, האָבען די מענשען אויף איהם קיין צייט ניט צו קוקען...

ריזיגער גאָט פון מיין פאַנטאַזיע! זיי ניט ברוגז אויף פּאַמ־

פּאדור׳ן, ווען ער ווארפט דיר אין דיין געטליכען פּנים דיינע פעה־לערן.

פּאמפּאדור גלויבט, אז דיין גרויסקייט, גאָט, ליגט אין דיינע גרויסע פעהלערן, וואס דו האָסט געמאכט. — — —

און צווישען אלע דיינע פעהלערן איז דער גרעסטער פעהלער, די קרוין פון דיינע טעות׳ן: „פרוי און מאן“.

צו וואָס האָסטו, גאָט, זיי געדאַרפט בעשאפען „בעזונדער?“ דו האָסט דאָך זיי געקענט בעשאפען ב י י ד ע א י ן א י י־נ ע ם, דאן וואָלטען זיי דאָך זייערע „כחות“ ניט פערשווענדט אויף צוזאמענצוקומען זיך?

ווילדער גאָט פון מיינע פּאראדאקסען! צי ווייסטו וויפיעל פראָטעסט און שטורם עס טראָגט אין זיך מיין קערפּער?

ווי אָפט ווילט זיך פּאמפּאדור׳ן אראבווארפען פון זיך פּאמ־פּאדור׳ן — איז ער בעקליידט.

ווי אָפט ווילט זיך, אז מיין ליידענשאפט זאָל אויפבליהען ווי די ווילדסטע בלום אין פעלד און איך מוז זי צוימען ווי א חיה.

גוטער גאָט, פּאמפּאדור וויל ניט דיין גליק, ווייל דו קענסט עס איהם ניט געבען; ווייל דאָס גליק האָסטו איבערגעגעבען אין די קליינע הענד פון דער שוואכער פרוי און וואָס איז דאָס, פרעג איך דיך, פאר א גליק, אז דער שטארקער מוז עס נעהמען פון א שוואכערן.

באמת, גאָט, פּאמפּאדור זוכט ביי דיר ניט קיין גליקען, ווי ער זוכט ניט קיין כבוד ביי מענשען. כבוד איז א געטליכע זאך. פּאמ־פּאדור וואָלט דאָס געוואָלט האָבען, אָבער ניט פון מענשען, ווייל וואָס איז דאָס פאר א כבוד צו קריגען כבוד פון נידריגע, פון די, וואס דו פערלאכסט.

היים־בלוטיגער גאָט פון מיינע ליידענשאפטען! פּאמפּאדור וויל רעוואָלטירען מיט זיין גאנצען בלוט. —

ער וויל זיין א הערשער איבער צייט און איבער זיך. אונטער־טעניג וויל ער ניט זיין. —

ער ווייס אָבער, אז אויך נאפּאלעאן האָט סוף־כל־סוף געמוזט זיין רעוואָלטירענדען גייסט איינשליסען אויף אן אינזעל.

טראגישער גאט! אפט ווילט זיך מיר נעהמען אט דאס, וואס דו רופסט „וועלט“ און עס צוטוליען פעסט צו מיין ברוסט, ווי א הייסע געליעבטע און נאכדעם אבשטויסען. —

אין אבשטויסען, גאט מיינער, ליגט מעהר ליעבע ווי אין צו־טוליען...

און אבשטויסענדיג, זאל זי זיך צושיטען און פון די חורבות זאל ארויסשיינען א נייע וועלט, א גאנצע, א פאמפאדורישע...

נאר ווייל איך קען עס ניט און די וועלט מוז בלייבען, ווי זי איז — האס איך זי אויך...

אבער מעהר פון אלץ, האס איך דעם טויט. איך האס איהם אפילו ווען ער איז א זיסער שלאף.

פאמפאדור וואלט געוואלט וואכען, אייביג וואכען..

זיין ווייסע בארד זאל וועהען איבער הונדערטער דורות.

אפשר וואלט ער דאך דערקלעהרט דעם סוד פון לעבען...

אונ־שכל'דיגער גאט! אפט ווילט זיך פאמפאדור'ן אליין ווער־רען א גאט, אפילו ווען ער וועט דערפאר מוזען ווערען משוגע... ווייל גאט, זאגט מען, איז העכער פון שכל און אום צו ווערען עטוואס, וואס איז העכער פון שכל, מוז מען פערלירען דעם שכל.

אויסגעלאכטער און דאך ליעבער גאט, מיינער! איך לאך פון אלע תפלות און דאך שיק איך אפט א תפלה.

פארנאכט, ווען די זון לאזט זיך ארונטער, שאקלען זיך פאמ־פאדור'ס ליפען פון זיך אליין. נאר דענק ניט, גאט, אז ס'איז צו דיר.

עס שאקלען זיך מיינע ליפען, גלאט אזוי זיך...

מיין הארץ איז איבערפולט און איך וויים ניט פון וואס...

ווייל איך וויל א סך און מוז זיך בענוגענען מיט אזוי וועניג;

ווייל איך וויל גלויבען אין דיר און קען ניט גלויבען אפילו אין זיך...

אזוי האט מתפלל געווען פאמפאדור. —

# אינהאלט:

## 1. אין דער וויסטע פון דער איסט-סייד.


זייט

וועגען אונמעגליכע מעגליכקייטען — — — — — 5
וועגען אַנערקענען זיך אַליין — — — — — — — 6
וועגען סעמעטערי און לעבען — — — — — — 8
וועגען מאַרשירען אין די גאַסען און תכלית — — 10
וועגען אפּלאָדיסמענטען און פוסטע קעפּ — — — 14
וועגען אַמעריקאַנעם אידישען גאָט — — — — — — 15
וועגען סטופס און פרייהייט — — — — — — — 17
וועגען יוניאָן און קונסט — — — — — — — 18
וועגען געסט און באַנקעטען — — — — — — — 22
וועגען העברעאיש און אידיש — — — — — — — 23
וועגען צייטונגס-פּעדלער און אידעאַלען — — — 26
וועגען קרעמער און קרעמלאך — — — — — — — 27
וועגען אויגען און אויערען — — — — — — — 29
וועגען יונג און אַלט — — — — — — — — 32
וועגען וויסענשאפט און גנבה — — — — — — 35
וועגען קאמפּיין און הורא — — — — — — — 36
וועגען סטרייקען און אַרבייטען — — — — — — 39
וועגען ציטאַטען און ציטאַטען שרייבער — — — 41
וועגען ענג און ברייט — — — — — — — — 43
וועגען רביים, תלמידים און חסידים — — — 45
וועגען אַלץ און אַלעם — — — — — — — — 48
וועגען פּרעמיומס און ביזנעס — — — — — — 51
וועגען בעלאנגען און ניט בעלאנגען — — — — 51


## 2. אויף די האַרטע שטיינער פון שטאָט.


וועגען בושה און חוצפה — — — — — — — 57
וועגען קראַנקע און געזונדע — — — — — — 59
וועגען גאַסען-קעהרער און זינד — — — — — — 62

זייט
וועגען מענשען און חיות — — — — — — — — — 64
וועגען שפיגלען און פרויען — — — — — — — — 66
וועגען קליידונג און נאַקעטקייט — — — — — — 68
וועגען הימעל, ערד, זון און לבנה — — — — — — 70
וועגען שערען און געשוירענע — — — — — — — 73
וועגען קריכען און קריכער — — — — — — — 76
וועגען שטויב און ריינקייט — — — — — — — 77
וועגען אַלטע און נייע פּרעזידענטען — — — — — 80
וועגען יקרות אויף פּאַפּיר און ביליגקייט פון געדאנק 83
וועגען סדרים און קשיות — — — — — — — — 86
וועגען שנעע וואָס פאלט אין שטאָדט — — — — — 89
וועגען נאַטור־אומגליקען און נייע אמת'ן — — — — 92
וועגען זעלבסטמאָרד און טויט — — — — — — — 95
וועגען יאָהרען און קאַלענדארס — — — — — — 98
וועגען ציינער און דענטיסטען — — — — — — 100
וועגען אַנטיסעמיטיזם און אַנטיסעמיטען — — — 102
וועגען פייפען און פייפער — — — — — — 106
וועגען גנבים און גנבה — — — — — — — 107
נאָך אַמאָל וועגען אַלץ און אַלעס — — — — — — 108
וועגען בילדונג און געבילדעטע — — — — — — 114
וועגען פאָהרען און געהן צופוס — — — — — — 116
וועגען מיעדיגקייט, און מענשען וואָס טאָרען ניט
זיין מיעד — — — — — — — — — — — 120

## 3. אויף די הויכע בערג פון בחור'שאַפט.

וועגען האַסען און ליעבען — — — — — — — 125
וועגען זינה און זינדיגע — — — — — — — 128
וועגען איינס און אַ סך — — — — — — — — 130
וועגען אַלטע בחורים און יונגע גליקען — — — 131
וועגען בערג און טהאָלען — — — — — — — 133
וועגען מלחמה און שלום — — — — — — — 136
וועגען ביליג און טהייער — — — — — — — — 138
וועגען טאַנצען און טענצער — — — — — — — 140
וועגען שיכרות און שיכורים — — — — — — 142
וועגען תשובה און פארטיי־בעלי־תשובה — — — 145
וועגען טהעאַטער און אַקטיאָרען — — — — — 149

